# שפּליטערס

יודיקאַ



פאַרלאַג איסוף טאָראָנטאָ
1943

## דעם סאָוועטן-פאַרבאַנד

אין דיין קאַמף פאַר פרייהייט
האָב איך דעם מענטשלעכן ווערט דערקענט,
אין אַלע דיינע פריידן און ליידן
גיי איך מיט דיר דעם זעלביקן וועג.

און אויף אַלע שלאַכט־פעלדער פון דער וועלט,
וואו מען קעמפט פאַר פרייהייט און מענטשלעכע רעכט,
גייט־מיט מיין פרייד פאַרן זיג
און מיין צער פאַר יונג־פאַרלאָשענער ליכט.

נאָר דער, וואָס האָט דורך הונגער געוויינט,
געזען ווי פינצטערניש לעשט אויס יעדן ליכטיקן שיין —
דער וועט פאַרשטיין
וואָס מיינט פרייהייט, גלייכהייט און אייניקייט.

THE DANETTA PRESS
553 Queen W., Toronto




110

# דער יום הדין

(1942)

אזוי שטיי איך, וועלט, פאַר דיר —
אין פּלודערן, געשענקט באַ אַ פרעמדער טיר;
די פיס קריכן דורך די צעשמאַטעטע שיך;
מיט דעם שטויב פון פאַבריק איבער זיך
און — מיט מיין שווער געמיט.

דער טאָג — אַ געפּענטעטער הירש, ליגט אַף דער ערד;
די זון — אַ גאָלדענער קאָפּ פאַרזינקט אין דער טיף;
און שטראַלן — בלוטיקע פינגער,
קלאַמערן זיך
צום לעצטן ביסעלע ליכט.

איך האָב זיך באַגעגנט, וועלט, מיט דיר
באַ דעם שוועל פון דיין יום־הדין;
און הבל׳ס בלוט שרייט ארויס פון דער ערד.
קין, באַוואָפנט מיט פייער און שווערד,
שניידט און ברענט.

זיי מוחל, וועלט, מיין פאַרלאָרנקייט —
וואָס איך זינג ניט פון פרייד,
פון ליכטיקן פרילינג
וואָס קושט אָפּ דאָס בלוט פון דער ערד,
פון זוניקע טעג — טויבן מיט גרינינקע קעפּ.

נעבעך מיין קאָפּ, שטיי איך פאַר דיר,
פאַר חרוב׳ע שטעט, אין פלאַמען געהילט,
פון גאָלדענער יוגנט — זאנגען, פון שטורעם פאַרוויסט,
פאַר מוטערס, פאַר קינדער — פאַרהונגערט, וואָס וואַלגערן זיך,
פאַר ימ׳ען, וואו ס׳רוען פאַרפייניקטע טעכטער און זין,
פאַר פאַטריא, פאַר שטרומאַ —
די הונדערטער לעבנס,
זייער יאָמער, וואָס ווערט ניט פאַרשטילט.

געבויגן מיין קאָפּ, פאַר מיין איינן פלייש און בלוט,
פאַר דער גרויסער חרוב'ער וועלט,
אין וועלכער עס פלאַקערט דער לעצטער קאַמף —
דער יום־הדין.
ס'איז טשאַפּאַיעוו ניט טויט
אויף זיין ווייסן פערד,
אין האַנט די שווערד,
און די רויטע אַרמיי הינטער אים.

# װעלט, אין דײַנע הענט ליגט מײַן מידער קאָפּ

אין דײַנע הענט ליגט מײַן מידער קאָפּ.
איך פֿיל אַף זיך דאָס בלוט װאָס טריפֿט פֿון דײַנע װאונדן.
כ'בין איצטער פֿול מיט בענקעניש און שרעק —
אַ װײנענדיקעס קינד בײַ מאַמעס קראַנקן־בעט.

פֿאַרשטומט האָט אויך די האַרף פֿון יונגן פֿרילינג,
דער שטורעם האָט אַף איר געשפּילט זײַן ליד —
דער שטורעם אַף די אויפֿגעבליטע בוימער,
װאָס פֿאַלן, ברעכן זיך אונטער פֿײַערדיקע טריט.

עס ליגט די ערד מיט בלוט און טויט פֿאַרגאָסן.
װעמענס האַרץ ציטערט ניט אין גרויל?
װער האָט הײַנט שוין ניט דעם טאָג פֿאַרשאָלטן
פֿון ברוינעם הענקער — דעם טאָג פֿון זײַן געבורט?

הונדערטער און טויזנטער זײַנען שוין געפֿאַלן.
הונדערטער און טויזנטער פֿאַלן יעדן טאָג.
אַמעריקע, און ענגלאַנד — װער װעט דעם שאַנד־פֿלעק װאַשן
פֿאַר לאָזן שטײן דעם הענקער בײַ אַ ברודער'ס טיר?

איז ניט שפּאַניע'ס ערד מיט בלוט פֿאַרגאָסן?
האָט מען ניט די קעמפּער מיט שאַנד און שפּאָט באַדעקט,
און לאַנד נאָך לאַנד געזען אין קײטן שלינגן?
האָט װער, װי ראַטן־לאַנד, זיך אײַנגעשטעלט פֿאַר זײ?

שמײכעלעך פֿאַרדעכטיקע אַף רואיק־זאַטע ליפּן,
און שאַ און שטיל — ניט הער, ניט זע, ניט רייד . . .
דערפֿאַר באַצאָלן הײַנט יונגע זין און טעכטער
מיט לעבנס אייגענע פֿאַר פֿרעמדע זינד.

געפּײַניקטע, גע'רודפ'טע, פֿון געטאָס און פֿון טורמעס,
עס שרײַט איצט זײער שטומעניש אין קולי־קולות הויך.
װער װעט נאָך װאָגן הײַנט די אויערן פֿאַרשטעלן?
װער װעט נאָך װאָגן הײַנט אַ שמײכל טאָן אויף זײ?

ראַטן־לאַנד, אַף דיר פֿאַלט אויס דער גורל
צו ברעכן אָט־דעם שווידערלעכן געץ;

יענע הָענט וואָס האָבן אים געשאַפן
ליגן היינט אין שטויב פון אים צעשטערט.

יענע הענט וואָס האָבן אים געשאַפן
ציען זיך פּחדנות'דיק צוריק;
עס ברענט אַ וועלט פון אויפגעבויטן גולם
און ס'ברענט דאָס גרויסע אידיש פאָלק אין איר.

ראַטן־לאַנד, ווער קאָן פון דיר איצט טראַכטן,
ניט פילנדיק דעם העכסטן שטאָלץ און וויי —
צו זען ווי פרייע מענטשן קאָנען קעמפן
צו זען ווי גרויזאַם שקלאַפן קאָנען זיין?

אַ, גרויסע לאַנד, נאָך לעבן די בריגאַדעס,
וואָס האָבן דאָן אויף שפּאַניע'ס ערד געקעמפט.
יעדער פלאַם קאָן ווערן אויסגעלאָשן,
נאָר דער פלאַם פון האַס פאַרלעשט זיך ניט.

זיי זיינען אַלע דאָ, די אינטערנאַציאָנאַלע באַטאַליאָנען,—
מעקענזי־פאַפּינאָ, באָטווינק, לינקאָלן און מער;
מיט הונדערטער און טויזנטער זיינען זיי פאַרייניקט,
מיט דיר צוזאַמען קעמפן פאַר אַ פרייער וועלט.

און דער זומער ליגט מיט ליכט באַגאָסן,
ווייכע, גרינע סאַמעטן, מיט בלימעלעך באַהעפט;
אַזוי פיל בענקשאַפטן, מיט צערטלעכע חלומות,
און אַזאַ מין טיפער צער קומט אויף מיט זיי.

אַ, היים מיינע, ווער קאָן דען בלייבן רואיק
דיך צו זען אַ יאָמער־טאָל, דורך הונגער, רויב און מאָרד.
ליטע, לאַנד מיט בערג און גרינע טאָלן,
מיט וואַסערן, און שטעטעלעך מיט אידיש פרייד און נויט.

באַ דעם צעבראָכן שטיבל וואָלט איך וויינען,
וואו עס איז געווען אַמאָל מיין היים.
אפשר וואָלט צוריק די זון אויפשיינען,
שיינען ווי דאַן, ווען איך געווען בין קליין.

אפשר וואָלט די מאַמע אַרויסגעקומען
זיך זעצן אַפֿן בענקעלע באַם הויז,
אין שוים אַ שיסעלע מיט וועטשערע געקאָכטע,
באַלויכטן מיט אַ רויטן זון־פֿאַרגאַנג.

און דורך די געסלעך, מיט גערטנדלעך און בלומען,
פֿאָרט זיך דורך אַ פֿויערל אין אַ גאָלדן שטויב.
אַ שטילע בלייבט דאָס שטעטעלע אין נאַכט אַ בלויער,
אַ צייט פֿאַר חלום'ען חלומות גאָלדענע.

וועלט, אין דיינע הענט ליגט מיין מידער קאָפּ.
איך פֿיל אָף זיך דאָס בלוט וואָס טריפֿט פֿון דיינע וואונדן.
כ'בין איצטער פֿול מיט בענקעניש און שרעק —
אַ וויינענדיקעס קינד באַ מאַמעס קראַנקן־בעט.

## דריי פֿאַר הענט

דריי פֿאַר הענט, געפֿלאָכטן אין אַ בונט,
אַף דריי פֿאַר הענט לייכט אַ רויטע זון.

דריי פֿאַר הענט איבער ים'ען ווייט,
דורך דריי פֿאַר הענט פֿלייצט בלוט
און ליכט און צייט.

בלוט און ליכט. איבער ווייטע ים'ען
בליט אַ יוגנט, בלוט און שטאָל און טרוימען.

שטאָל און פֿייער! בוך און טיפֿער וויסן.
קאָן אַ שונא דען די זון אויסלעשן?

זון און פֿאָנען, שניי און פֿרייע לידער,
עכאָס, אָפּקלאַנגען פֿון אַלע פֿעלקער־ברידער —

קרים, סיביר, קאַווקאַז, ווייס־רוסלאַנד
און אוקראַינע,
לעטלאַנד, ליטע, בעסאַראַביע און עסטאָניע —

עס וועלן פֿרייע פֿעלקער מער קיין קייטן טראָגן,
עס וועט אַ שטאָלצע לאַנד ניט לאָזן זיך באַזיגן.

דריי פֿאַר הענט, געווענדט צום זעלבן שונא —
פֿאַר צוויי פֿאַר הענט נאָר איין פֿאַר
קעמפֿט אַליין.

קעמפֿן פֿרויען, אַלטע לייט און קינדער,
און אונזער אידיש גורל ליגט אין אָט די פֿינגער.

יעדע פֿרייע שטאָט וואָס ווערט פֿאַרוויסט
פֿון שונא,
דאָרט לעשט אַ ליכט זיך אויס פֿון אידישער מנורה.

בלוטיקט אונזער קלאַס פֿאַר די רייכע שותּפֿים,
וואָס וועגן זיך און מעסטן זיך אין וואַקלעניש
און ציטער.

און עפּעס סודות טראָגן זיך, שטילע רייד
צום שטוינען —
צי חלום'ען נאָך שוואַכע קעפּ צו טראָגן
רוסלאַנד'ס קרוינען?

אַ, אידיש פאָלק צעשפּליטערטע, קיין גאָט
וועט דיר ניט העלפן,
ווען עס זאָלן רוסלאַנד'ס העלדן אַוועקלייגן
די וואָפן.

פון דיין יאָמער און געוויין וועט אַ טייוול שפּאָטן,
און גאָט אַליין וועט אויסלעשן אין הימל
אונזער שטערן.

עס וואַנדערט איצטער גאָט אַרום איבער שטעט
פאַרוויסטע
און גלעט די בלוטנדיקע קערפּערלעך
פון קינדער אויסגעשלאַכטעט;

די זין און טעכטער הערלעכע, וואָס זיינען
שוין געפאַלן.
און הינטער רויט־אַרמייער'ס פּלייצעס
גייט ער נאָך אין שלאַכטן.

און פלוכט דעם טייוול, אַנגעקליידט
אין היטלערשע מונדירן.
וואָס האָבן צו דער הייליקייט נעוואַגט
זיך צוצורירן.

סעוואַסטאָפּאָל, סטאַלינגראַד, ווער וועט אייך ווען פאַרגעסן
און די הייליקע מאַרטירער איבער אייערע גאַסן?

זיי וועלן ווידער אויפלייכטן, נאָך וואונדערלעכער, גרעסער,
ווען קומען וועט די גוטע שעה אַרויסטרייבן
דעם שעכטער.

דריי פאָר הענט, געפלאָכטן אין אַ בונט,
פאַר צוויי פאָר הענט נאָר איינע גיט איר בלוט.

# בענקשאפט

בענקשאפט לויטערע, ווי א קיל געטראנק
קוועלט און גיסט זיך איבער אלע ברעגן פון מיין געמיט.
די איינזאמקייט איז שטום, נאָר טראכט צופיל,
און נאכט ליגט ווי א בלימעלע און בליט
איר בלויען ליכט.

די ווייטנס שווימען צו, פארקייטלען זיך צום איצט.
אזוי פיל אומרוען און פריידן ווערן וואך.
כוואליעס זילבערנע און בלויע זומער־נעכט,
טראָגן זיך די ווייטע לעבנס, טראָגן זיך צו מיר,
צום ברעג.

איך נעם פון בענקשאפט אום די בלויע שויבן
און קוש פון זיי אראָפּ מיין אייגן טרער.
איך בלייב אין בענקשאפט שטיין, געווענדעט
צו די ווייטנס,
אין שטילן צער, געבויגן טיף מיין קאָפּ.

# אוקראַינע - 1916

## היימלאָז

עטל לויפֿט אַלץ האַסטיקער, גיכער . . .
די וועגן צעוויקלען זיך — צווייגן פֿון בוימער,
צעשאָטענער גאָלד פֿון אַ קילן סוף זומער.
צעזונגענע בענקשאַפֿט — הונדערטער היימלאָזע קינדער.
אַ הימל, אַ גרויער, קוקט מיט אומרו אַרונטער,
אויף וועלט, וואו עס שפּרייט זיך אַ נייער יאָרהונדערט,
און ווייטער אויף וועגן גליט נאָך דער בראַנד פֿון מלחמה.

עטל שפּרייזט — אַ ליכטיקער פּונקט.
איר היים — די ראָגן פֿון גאַסן אין שטאָט.
איר גאַנג — אַ צווייגל וואָס בויגט זיך אין ווינט.
איר וועג — אַ נאָך־ניט־באַוואוסטער ציל.
אַליין איז זי קליין, יונג און דין.
ברוינע געקרייזלטע האָר אַרום פּנים,
אויגן וואָס קוקן אומעטיק־פֿריילעך,
אַ שמייכל וואָס חלומ׳ט פֿון ליכטיקע זונען.

אַ היטל, אַ מאַנטל — ניט זומער, ניט ווינטער,
און שיכעלעך — שוואַרצע קליינע פֿייגעלעך,
וואָס קומען פֿון אַלע פֿיר וועלטישע ברעגן
און דריקן אַ קוש אויף דער ערד מיט די זוילן.
וואַנדערט זי אום דורך גאַסן און געסלעך,
דורך אָרעמקייט, עלנט, רייכקייט און גליק,
טרערן, געלעכטער, ווייטיק און שפּאָט,
הונגעריק, היימלאָז — אַ גאַסן־קינד.

# אין קעלער

א טיפער שטיינערנער קעלער,
טומביקע, נאסלעבע ווענט.
בעטעלעך, הילצערנע, שמאָלע,
צעשטעלטע איינס לעבן איינס.

א גרויסער טיש אינדערמיטן,
דער שטיינערנער דיל פול מיט וואסער.
פענצטערלעך קליין לעבן באלקן,
און קינדער, עלנטע, בלאסע.

עטל שטייט מיט די קינדער.
דער טיש מיט צעשפליטערטן זונשיין.
אלע, מיט אומעט אין די אויגן —
באטראכטן זי, פרעמדלעך, און אייגן.

מיט מורא פארבייסט זי די ליפּן,
דריקט איין א געשריי אין איר הארצן.
עפּעס וויינט דאָ א קינד און בעט עסן,
עפּעס שלאָגט ווער דאָס קינד, ס'זאָל שווייגן.

אזוי בלייבט זי שטיין אין דעם קעלער,
איר פּנים — בלייך און פארגליווערט,
און וויינט זיך פאנאנדער פון הונגער
צוזאמען מיט די היימלאָזע קינדער.

## די צייט שלעפט זיך

א צייט שלעפט זיך מיט שווערע טריט,
געבונדן צו דער גאָלדענער אייביקייט.
אומרו, פאַרניכטונג ליגט אין איר כוח,
יעדער טראָט אירס — א בלוטיקער פלעק.

ערגעץ וואו אין א ליידיקן רוים,
וואָס קוקט מיט א גלעזערנער וואנט צו דער גאַס,
האָט מען די היימלאָזע קינדער געבראכט —
הילפלאָזע טויבן אין אָפענעם שטייג.

שפרייט זיך אף וועלט אוים די פליגל פון שניי.
זיצן די קינדער אף בענק ארום ליידיקן טיש.
וויינען די קינדער, אף פיסלעך וואָס האָבן קיין שיך.
וועבט זיך אף ווענט אוים דער גרויער שאָטן פון זיי.

רייסט די שטילקייט דורך קלאנגען פון אָרקעסטער.
אפן וואנט פון גלאָז שוועבן שאָטנס, שאָטנס,
פאָלעס, היטלען, פויקן, הענט און פים —
קנוילן זיך, צעציען זיך, און ווערן ניט צוריק.

שפינט זיך עטל אוים א וועלט פון אייגן חלום,
פלעכט אין איר אריין א האָפענונג פון אויפבלי.
ליכטיקט־אויף איר וועלט צו א גרויסן קומען.
צעוויינט זיך עמעצער אף פלאָגעניש פון הונגער.

רייסן זיך אריין אין פוסטער הויז די קלאנגען,
ציען זיי אריין אין זיך די שמאָלע האָלצן־בעטלעך,
ציט זיי איין אין זיך דער טיש מיט קרומע פיסלעך,
ציט זיי איין אין זיך די ווייסע נאכט באם פענצטער.

ווען די קלאנגען שטארבן אָפ אין ווייטקייט
ווערט אין הויז צעשוואומען זייער עכאָ.
וויינט פון יעדער זאך ארוים א שטילער טרויער,
וויינט פון יעדערן א בענקעניש צום לעבן.

## וואנדערונגען

אין די טעג וואנדערט מען אָרום,
אין די טעג ווייסט איינער ניט פון צווייטן,
אין די טעג קומען צו מער קינדער,
אין די טעג פאַרוועבט זיך יעדנס טרויער.

אין די טעג צעשיט זיך יעדנס קללה,
אין די טעג צעשווימט זיך יעדנס האָפן
אין די טעג צעגיסט זיך יעדנס צאָרן,
אין די טעג פאַרגליווערט יעדענס יוגנט.

## די זון אויף דער שויב

באַטאָג איז געלעגן די זון אויף דער שויב —
אַ גאָלדענע קעצל,
געגלעט מיט די רויטע פּיסלעך
דעם גרויען עלנט.
אַ שטיקל געבליבענער ברויט אויפן טיש,
אַ טעפּל, אַ לעפל.
און אין דאַמען אין פּעלצן, וואָס זיינען
געקומען ביז דער טיר;
אין די מופטעס די הענט,
די היט אויף אַ זייט,
מיט עקל געקוקט און געזאָגט:
„ס'איז שווער אויסצוהאַלטן די האַים
אויף די פּלאַיצעס פון שטאָט" —
און זיינען אוועק.

קינדער — גרעסערע, קלענערע,
קרענקלעכע, פאַרביטערטע,
יוגנט, בענקשאַפט און ווייסע, ווייסע וועלט.
אַלע היימלאָז, הונגעריק,
באַוואַכט פון אַזאַ צייט.
אויפן פענצטער ציט זיך איין דאָס גאָלדן קעצל,
אַ בלוטיקער פלעק,
אַ רויטלעכע בלום . . .
אַ ראָז־בלייכע האַנט . . .
און עס בלייבט נאָר באַם פענצטער די נאַכט —
אַ זילבערנע שוואַם פאַרן טויט.

# הונגער

ליגט די גלאָז־וואַנט, מיט קרישטאָלענע בלומען,
איז מער ניט געווען שוין קיין שפּייז אַף צו קאָכן.

האָט מער ניט געשלאָגן קיין זייגער די צייט,
שלייכן זיך שטילע די שעה'ן אַריבער.

איז מער ניט געוואָרן דער אויוון געהייצט,
זיצן די קינדער פאַרוויקלט אין שמאַטעס.

האָט איינע געבראַכט א גע'גנב'עטן ברויט,
זיינען שוין מער ניט די דאַמען געקומען.

פרירן די קינדער אין נעכט אַף די בעטלעך,
ציילן און ציילן די שאָטנס אַף ווענט.

זינגט מען א בענקשאַפט צום וואַרעמען עסן,
זינגט מען פון אייגענעם טרויער אַליין.

לויפן דורך טעג — בלוטיקע האָזן
און פאַלן אין טונקעלן תּהום פון ניט־זיין.

# עטלס טאָג בוך

אומעטיק זילבערנע רו . . .
אף הילצערנע בעטלעך ליגט מען פארדעקט —
קברים אין נאכטיקן פעלד.
קעגן מיין בעט, באם ווינקל־וואנט,
זיצט די אויפזעערן און לייענט א בוך.
אף א טישעלע ברענט א פארויכערטער לאָמפּ.
א פונק איז זיין פלאם,
און דער שאָטן באוועגט זיך אין ריזיקער גרויס
אף דער קוים־נאָר באלויכטענער וואנט.
זי איז קליין און דאר, דער פּנים געקנייטשט,
און רעדט אזוי שטיל, אזוי שוואך
מיט א קרעכץ אין איר קול
און ס׳שמייכלט מיט אומעטקייט שטענדיק איר מויל.

בא דער גרויסער גלאָז־וואנט וואכט די גאס
און שפּילט זיך מיט נאכט.
דאָס הויז איז גרויס.
א שטיינערנע ברייטע טרעפּ.
ס׳איז פארהאקט די פאראדנע טיר.
נאָר שפּעט אין דער נאכט
קומען סטונדענטלעך אהיים.
בא דער שוי־פענצטער שטעלט מען זיך אָפּ,
קוקן אריין, מען לאכט.
צימבלען מיט נעגל א ליד אף דער שויב
און דער ניגון טראָגט זיך איבערן רוים:
„אך, זאטשעם עטאָ נאָטש . . .״

עס קומען צו מיידלעך באטאָג
און מאכן זיך דאָ זייער היים.
איינע איז געל געבויגן און דאר,
כריפּעט פון הארצן, רעדט ניט א סך,
נאָר אָפט באדערנאכט
דערציילט זי די קינדער אנעקדאָטן
פון פרויען און מאן,
פון מיידלעך וואָס ווארטן אין נעכט . . .
איינע, וואָס רעדט מיט א טיפן קול,
א צו־שמאָלע קלייד אף איר הויכער ברוסט
און קיין פּאָדערשטע ציינער אין מויל.

זי ליגט אף די קני בא א בעט, וויקלט זיך לאָקן אין קאָפּ,
מאַכט זיך פון וואַטע די ציין,
און שמייכלט פארשעמט ווען זי פארבט זיך
די באַקן אף רויט.
און שפּעט אין דער נאַכט קומט זי צוגיין
דורך הינטערשטע גאַסן און הויפן —
שלייכט זי אין זאָקן אריין,
און שפּייט אויס די וואַטאָווע ציין.
און אָפּט אין דער נאַכט
וועקט איר וויינענדיקער קול.
א נאַקעטע שטייט זי אין רוים,
פּלאַטערט מיט ליפּ אפן לײדיקן מויל,
צעקראָכענע לאָקן אריבער די וויינענדע אויגן
און בעט זיך — א שטיקעלע ברויט.

אין דרויסן טשאַדעט א ווייסער פראָסט.
דער רייכער באַלעבאָס הייצט ניט פארן רוים.
ער האָט, זאָגט ער, קיין שייכות ניט מיט אונז,
און שרייט — מאַרש פון דאָ!
עס גליווערט יעדנס הענט און פיס,
עס גליווערן בענק און טיש,
און מיט דער גרויסער גלאָזעדיקער וואַנט
דאַכט זיך אויס — מען זיצט אין גאַס.

קינדער קומען ניט אהיים.
עס פעלט די ליכטיקסטע —
די שיינע רייזל מיטן לאַנגן צאָפּ.
שוין צוויי־דריי נעכט פארביי.
עס פרעגט זיך קיינער ניט אף איר.
די דאַמען זוכן ניט.
נאָר בא דעם הינטער־געסל,
לעבן ראָג,
זעט מען טאָג אין טאָג
אן אויסגעפּוצטן יונגנמאַן,
וואָס ווייסט שוין יעדן קינד פון היים
און לאַדט זיי איין צו זיך.

זי איז געקומען,
ניט געוואוסט פון וואו און ווי,
די שיינע רייזל מיטן לאַנגן צאָפּ.

פיבערדיק און קראנק.
געקרעכצט, געוויינט א גאנצע נאכט
און נאָר איר מאַמענקע גערופן.
אף מאָרגן האָבן מענער צוויי
אין א דראָזשקע מיט א פערדל
אין דעם וואסערדיקן שניי
געשלעפּט זיך מיט דער קראנקער רייזלען
ערגעץ־צו צו א שפּיטאָל —
און אונז אין הויז פארשפּארט.

עס האָט קיין ליכט געברענט.
קיין שטיקל ברויט אונז קיינער ניט געבראכט.
די אלטע אויפזעערן איז אוועק.
און נאָר גע'גולמ'ט האָט אף אונז
די וואנט פון גלאָז,
און הינטער איר האָט געשפּאָט די לעבעדיקע שטאָט.

די גלאָז־וואנט איז פון שניי־שטורעם באפאלן.
דער אָוונט פינצטערט איין אין רוים.
נאָר עפּעס שטיל האָט זיך די טיר באוועגט.
א הויכע מאָגערע געשטאלט,
מיט מ־כער איינגעדעקט, האָט גיך ארייננעשפּרייזט
און געשפּרייזט אזוי פון קינד צו קינד,
יעדערן אין פּנים אָנגעקוקט —
די הויט צעקארבט פון ווינט,
די אויגן האָבן אומרואיק געברענט׳

רייזל! וואו איז מיין קינד?
רייזעלע, ענטפער מיר!
איך בין דיין מאמענקע!
זעסט, איך האָב א גאנצן יאָר דיך אומגעזוכט —
פון שטאָט צו שטאָט,
פון הויז צו הויז געשפּרייזט. (פּויזע)
ווילסט מיך ניט דערקענען מער?
ביסט בייז? (פּויזע)
ווער ווײנט דאָס, ווער?!

עס האָט איר עמעצער דערציילט.
און אין דער טרויעריקער נאכט
האָט זיך נאָר געהערט
ווי אירע פינגער ברעכן זיך אין וויי

און א דערשראָקענער געוויין.
אַף מאָרגן זיינען דאמען צוויי
צוזאמען מיטן רייכן באַלעבאָס
געקומען דורך דער פאראדנער טיר,
פארפּעלצט, צעהיצט,
און אונז געהייסן גיין צו דייזעלעם לויה.

# מען טרייבט די קינדער

שטעלן זיך אַפּ די גרויע טעג
א ווײַלע בא דער גלאָז־וואנט
און זעען דאָרט די געלע ווענט,
דעם קרומען טיש,
מיט פּוסטע, שמאָלע בעטלעך,
דורך הינטער־טירן בלאָטיקע געהעפטן,
שלײַכן קינדער זיך ארײַן,
זעצן זיך באם ניט־געגרייטן טיש.
פּארהילן זיך טעג מיט פינצטערניש,
באהאלטן זיך פון צער און ווײ.

און ערגעץ־וואו — שוין ליכטיקן זיך ווענן,
ערגעץ־וואו — געלייטערט ווערט די פּײַן.
דערציילט זיי עטל וואָס זי הערט אַף ווענן,
דערציילט זיי עפּעס פון א נייעם גאנג.
און אפן גאס, קעגן אָט דער גלאָז־וואנט,
צינדט זיך א לאמטערנע נאכט אין נאכט,
און אירע שאָטנס, מידע, ווייכע פינגער,
גלעטן איבער קעפּ, מיט אויגן צוגעמאכט.

# עטל ווערט קראנק

וואנדערט אום עטל דורך וואסער און שנייען
און ציילט א פארטראכטע די פענצטער באם גיין.
ליכטיקט א שטיקעלע זון זיך אין הימל,
זעצט זי זיך קעגן דער זון ערגעץ־וואו.

מאכן פאוואָליע זיך צו אירע אויגן,
שווינדלען איר שאָטנס, א טונקעלע ראָד.
דרייט זיך די ראָד און ווערט גרעסער און גרעסער,
ווארפט זי אין היץ, ווארפט זי אין קעלט.

און עפּעס די זון, אזא צארטע, א בלייכע,
לאָזט זיך ארונטער צו אירע פּיס,
בייט זיך אין פארבן. וואקסט א געשטאלט אויס,
גלעט זי און שמייכלט צו איר אזוי ליב.

ס׳האָט עמעצער עטלען פון דר׳ערד אויפגעהויבן,
געפירט און געפירט זי דורך וועגן פון שניי
ערגעץ־אוואו צו א גרויסער געביידע,
געעפנט א טיר און געהייסן איר גיין.

חלומ׳ט זי, עטל, אין היץ־קרענק חלומות,
ווייסט ניט פון טאָג און ווייסט ניט פון נאכט,
נאָר וואנדערט און וואנדערט אין צעריסענע קליידער,
באָרוועסע פּיס, מיט ליכט אין דער האנט.

און אָט קומט זי אָן אין איר קליינינקן שטעטל,
שטייט אזא מידע אין קוויטיקן הויף.
ליגט זייער שטיבל מיט ברעטער פארשלאָגן,
ניטאָ מער קיין פענצטער, ניטאָ מער קיין דאך.

נאָר פלוצלינג א ווינט הויבט זיך אָן מיט איר הויבן,
אליץ העכער און העכער שוועבט זי ארויף.
פון קליינעם געהעפט איז א שטאָט אויסגעוואקסן,
פון שטאָט איז געוואָרן א וואונדערלעך לאנד.

און עטל דערגרייכט די טיף־בלויע הויכן,
ליכטיקט דאָרט אויף צו א גאָלדענעם פלאם.

# דער היימלאָזער מישקע

אין פענצטער, דורך פארדארטע צווייגן,
גלעט די זון אַף אַלע בעטן.
שפּילן זיך אַף ווענט די שאָטנס —
נייע האָפענונג צום לעבן.

ווי דער מורמל פון א טייכל,
ווי א דינער זומער־רעגן
שיט זיך איבער עטל׳ס פּנים
מישקע׳ס זינגענדיקער רעדן, —

פון די קינדער אַף די גאסן,
אז צערייצטע רייכע שכנים
האָבן צונעקלאפּט די טירן
וואו די היימלאָזע קינדער וואוינען.

עטל, מיט א דינעם שמייכל
אַף איר בלייכן, מידן פּנים,
קוקט אַף מישקעס הענט, די בלויע,
מיט די קנייטשן אַפן שטערן.

אַף זיין ראָק וואָס איז צעריסן,
מיט די לעבערדיקע שטיוול,
זיינע בייזלעך־שווארצע אויגן
אין א דינעם ווייסן פּנים.

פּלוצלינג דרייט ער אום זיין היטל,
טוט צו איר א מאָדנעם שמייכל,
ווייזט איר אָן א קליינעם פּעקל,
וואָס ער לייגט אונטער איר קישן.

און די זון, וואָס גלעט אַף בעטן,
ליכטיקט אַף א ווייסער שוועסטער,
וועלכע גיט א פּאטש אין הענט־פלאך —
און עס הויבט זיך אויף דאן מישקע.

עטל ליגט, פארמאכט די אויגן,
ארום איר טונקעלע חלומות.
ליגט דער פּעקל אויפגעוויקלט
מיט א קליין פארדארטן ברויטל.

# ווידער אף דער גאַס

טעג פלעכטן זיך אין וואָכן,
וואָכן וועבן אויס חדשים —
ליגט עס, א געוועב פון פארבן,
צייטן, דורות צו פארדעקן.

שטייט זי, עטל, א באנייטע
מיט א שוואכן יונגן לעבן
אויפצונעמען נייע וועגן,
אויפצוליכטיקן איר זיין.

מיט די פרילינגדיקע ווינטן
פירט זי אָן א קאמף א שווערן.
א ווײַלע טראָגט עס זי אף צוריק־וועג,
א ווײַלע טראָגט עס זי פאָרויס.

ליגט די קינדער־היים געשלאָסן
ווייסט נים קיינער פון די קינדער
גאסן אָנגעפילט מיט מענטשן,
מענטשן אָנגעפילט מיט סודות.

## לאה׳לע שטאַרבט

שטייט אזא אַלטע פאַרגעלטע געביידע,
בלייכט זיך א גאָלדענע זון אין די שויבן;
בלייכט און פאַרגייט דאָרט א ליכטיקע יוגנט —
א ליליע א צאַרטע, אין טונקעלער האַרבסט נאַכט.

סוקן שוין לאה׳לעס אויגן פאַרלאָשן.
נאָר לעצטע טרערן פאַרטריקענען לאַנגזאַם
אַף באַקן, וואו ס׳קילט זיך דער גלוט פון איר לעבן,
מיט טרויער וואָס האָט זיך פאַררייביקט אין שמייכל.

טרעפן זיך דאָרטן די היימלאָזע קינדער —
עטלעכע נאָר שוין — די אַנדערע פעלן.
רחלע האָט זיך אליין פאַרגיפטעט
בא א טיר פון גרויסער, רייכער געביידע.

אייניקע ליגן נאָך וואו אין שפּיטאָלן,
אַנדערע האָבן אין קאַמף זיך געלאָזן;
העניע׳לען האָט ווער פון גאַס צוגענומען.
שטייען די קינדער דאָרט אומעטיק, בייזע.

# אף וויסטע וועגן

הײמלאָזע קינדער, טראָפּן בלוט און טרערן,
טראָגן זיך אַף וועגן הפקר
מיטן ווינט און שטויב.
הײמלאָזע קינדער, טראָפּן ליכט און פּערל,
וואַרטן אַף אַ האַנט זאָל זײ לויטערן.

עס טראָגן זיך שוין טעג, וואָס וואַרעמען מיט האָפענונג,
עס טראָגן זיך שוין נעכט, וואָס חלומ'ען פון פרייד.
נאָר הײמלאָזע קינדער, מיט אַ געזאַנג צום דרויסן,
הײמלאָזע קינדער, מיט אַ געזאַנג צום טויט.

# אין יאָר 1917

## ליגט אזא גאָלדענער טאָג

ליגט אזא גאָלדענער טאָג אױף דעם װײסן
צעקראָכענעם שנײ,
ליגט אזא גאָלדענער טאָג און זינגט
פון בלוט און װײ.
גאסן מיט מענטשן פול,
טראָגן א גרױסן סוד.
מענטשן, הימל און ערד,
איבעיקער װערן און גײן.
עטל, א שפּליטער פון ליכט,
עטל, א שפּליטער פון טרױם,
שטעלט זיך צוזאמען מיט זײ
און װארט, און װארט, און װארט.
און טריט פון סאָלדאטן אין רײ,
אָפיצערן אױף זײדענע פערד,
טרעטן אזױ דורכן שנײ,
טרעטן אזױ דורכן װעג.
פּױקן קרעכצן פארשטיקט,
ברומען און ברומען אין לופט.
עכאָס, דורות פארשקלאפטע,
ענטפערן אָפּ זײ — גענוג!

אריבער די פערד, אריבער סאָלדאטן־קעפּ
שרײט עמעצער אױס:
„חברים, סאָלדאטן, בלײבט שטײן!"
אזױ װי עס װאָלט זיך צעשניטן דער װעג פארן טראָט
איז שװאכער און שװאכער געװאָרן דאָס קלאפּן
פון טריט.

און עפּעס פון װײט און פון ברײט,
פון טיף און פון הױך,
א רױשן, א בראזגען פון עפענען פענצטער אין שטאָט;
געזאנג אױף געזאנג, און געװײן,
געלעכטער פון שרעק,
און פאָנען אױף פאָנען, א צײכן פון בלוט און פון גליק.

בויגן סאָלדאטן די קעפּ פאר דער נייער וועלט.
שפּילט דער אָרקעסטער ציטערדיק די מארסעליעזע.
א ווייליִנקע נאָר בלייבט שטיין די צעשראָקענע צייט
און עס קוקן זיך אָן די אַלטע און די נייע וועלט.

עטל אין שטראָם, וואנדערט ביז שפּעט
אין דער נאכט.
מיט אַלעמען שפּרייזט זי אריבער די אַלטע וועלט.
נאָר ווידער די גאס, ווידער די ראָגן פון שטאָט —
ווידער די מענטשן, וואָס קוקן זי אָן מיט א שפּאָט

ווידער אף וועגן — א גאָלדענער זאנג
קעגן ווינט,
דורך אָרעמקייט, טרויער, דורך רייכקייט
און מענטשלעכער גליק.
די שיכלעך אָן זוילן, דער מאנטל פארדעקט קוים איר לייב
אין איר איז דער הונגער, און מיט איר קומט —
בלוטיקער קאמף.

# מיט די קוילן גרעבער

אין יונגן באַגינען שטייט זי גרייט צו איר גאַנג,
אין אינגלישע קליידער, צום רעקל א קליינע לאַמטערנע.
זי גייט פון א באַרג, די שמאָלינקע שטעגן פון טאָל,
די הילצערנע בריקלעך וואָס פירן דעם אָפּגרונט אריבער.
פון איין זייט א דאָרף, מיט ליכט, ווי שפּינדלעך פון שטערן —
פון איין זייט א טאָל מיט באַראַקן, וואו אַרבעטער לעבן.

צווישן די הייזלעך בלייבט זי א ווײַלע אליין.
אַרום ליגט די ערד, מיט צעשאָטענעם אַש פון די קוילן,
א ביסעלע האָלץ, א צעבראָכענער שטול,
און פּנים'ער בלייכע, פאַרשאָטנט מיט נאַכט אין פרימאָרגן.

עס רוט די נאַטור, נאָר ניט דער קאַמף פאַרן לעבן.
עטל בלייבט שטיין צווישן מאָרגן און נאַכט ווי א זייל.
אַריבער די טאָלן — צוזאַמענגעפאַלענע שאַכטעס,
צעשיטן איר חלום — גאָלדענע שופּן אין שניי.

אַריבער די דראָטן, וואָס ציען אַוועק זיך אין ווייטן,
אַריבער זיי וואַנדערן עמערלעך ליידיק און פול
און זשומען א בענקשאַפט דורך נאַכט צו א ליכטיקן מאָרגן,
ציען אַזוי זיך — טונקעלע שאָטנס אין לופט.

אַריבער די לעמפּלעך, וואָס הענגען אויף וועגן און שטעגן,
אַריבער טונעלן — אָפענע מיילער פון דר'ערד,
אויף שעפּעלעך שמאָלע, וואָס גליטשן אַראָפּ זיך אויף שינעס.
צו טונקל־באַלויכטענע טיפן, צו בלאָטיק־ערדענע גענג.

א ווײַלע צעשיט זי נאָר, עטל, די ברוינלעכע האָר
און זיצט, א בלייכלעכער פּונקט, אין קרייז פון אַרבעטער־מענער.
די לופט ווערט פאַרשטומט, דורך לעצטן פאַרקלינגען פון האַמער,
און אַלע דערנעענטערן זיך, צו כאַפּן א סוד פון דער וועלט.

מען עסט, און מען זומט—יענע לידער, וואָס טרייסטן און מאָנען,
מען קוקט, און עס גליען די אויגן פול סודות און קאַמף.
עטל ווערט פול מיט מוט — א זילבערנער טוי אויף פעלדער,
און קערט זיך צוריק צו דער אַרבעט, נאָך שטאַרקער דעם האַמער צו זיך.

וויפיל טראגעדיעס זעט זי צו אין די שאכטעס!
דער אָרט איז א נייער, בלאָטיק און דעמפ איז די לופט,
ארבעטער שטיקן זיך, הוסטן און שפייען,
און אָפט ברעכט א וואנט, און יאָמער־געשרייען נאָך הילף.

שפעטער, פארנאכט, שטייט זי באפרייט פון איר ארבעט.
זייט בא זייט טרעט זי אף וועגן מיט אלעמען גלייך.
די ווייטן און ברייטן פארנעפלט מיט זייערע סודות,
און יעדערער טראָט — א טראָט צו א נייערער צייט.

אין שעה'ן פון רו פארברענגט זי אף ארבעטער־מארק
און הערט־צו דעם וואונטש פאר א פרייערער ארבעטער־וועלט.
פאראן איז ניט ווייט די ערשטע סאָוועטן־רעדאקציע,
וואָס לערנט און ווייזט אָן די קומענדע וועגן פאר זיי.

# א בליק אף צוריק
## (אינטערמעצאָ)

עטל דערזעט זיך אלס קינד —
פון איר קינדהייט אוועק.
דאָס רואיקע שטעטל, וואָס חלומ'ט פון גאָלדענע גליקן.
אין איר ליגט שוין איצטער
דער גרויסער אלוועלטלעכער צער;
אין איר ליגט שוין איצטער א רויש פאר א נייערן לעבן.

דער שניידערשער טיש, די שער,
דער מאָגערער טאטע,
דאָס איינציקע בעט, די קינדער
און קרענקלעכע מאמע,
די פינצטערע נעכט, די שפינדע
פון נאכטיקן לעמפּל,
די סאָפּע, געלעגערס, די פּנימ'ער בלייכע וואָס שלאָפן.

א בלאָטיקע ערד,
א לבנה וואָס רויכערט אין וואָלקנס,
די פּוסטקייט פון גאס,
דער קלונג בא א טיר פון א גלעקל,
דאָס אומעטיק רוישן פון צווייגן באם פענצטער,
געוויין פון א קינד וואָס וועט ניט אנטשלאָפן
פון הונגער.

עטל דערזעט זיך אלס קינד
און ווערט פול מיט צער.
א פּראָסטיקער ווינט, א שניי, וואָס גליווערט אף ווענט.
אין שטוב ליגט די שטילקייט.
דער טיש מיט א טישטוך פארדעקט.
גארדינען און בילדער פארשאָטנט
מיט צווייגן פון פענצטער.

די באנק בא דעם אויוון —
דער אויוון ניט היים און ניט קאַלט,
און יעדער וואָס זיצט דאָרט,
חלומ'ט זיין אייגענעם חלום.
בא דער טיר שטייט דער טאטע,

מיט אומעטקייט קוקט ער אױף זיי,
ווייזט די צעריסענע שיך
מיט נאסע צעריבענע זאָקן.
איבער זיין רוקן, אין זאַק,
ליגט די שניידער־מאַשין.
דער זאַק איז געבונדן מיט שטריקלעך
איבער זיין האַרצן.
זיין קאָפּ איז פאַרוויקלט מיט עפּעס
א געלן שינעל;
איבער די לענדן א גאַרטל,
וואָס האַלט צו דעם מאַנטל.

עטל דערזעט איצט איר קינדהייט —
א קינד פון חלומות.
דער ביטערער אמת איז —
פּנים אל פּנים מיט נויט!
פּנים אל פּנים מיט לעבנס, וואָס ס'שרעקט זיי
דער איצטער;
פּנים אל פּנים מיט לעבנס, וואָס ציען פאָרויס.

זי זעט זיך אין זומער, א שטילער באַגינען,
בלויקייט אױף שויבן, גלעטן א קוש.
פליגעלעך פלאַטערן איבערן טיש און געלעגערס,
אזוי ווי זיי וואָלטן געזונגען פון בעסערע טעג.

אזוי שטייט זי אויף, די שטוב אין שטילקייט
פאַרטרונקען.
בא יעדן איינעמס געלעגער בלייבט זי א ווײַלינקע שטיין.
איר האַרץ ציט זיך איין דורך עפּעס א בענקשאַפט,
וואָס נאָגט איר.
די אויגן פול מיט רחמנות צו אלע וואָס האָבן קיין ברויט.

א שטילע געזעגנט זי זיך מיט דעם ליידיקן שטעטל,
די הייזלעך, די שטיינדלעך וואָס ליגן פאַרגאָסן מיט בלוי.
זי וואַנדערט אוועק מיט א וואונטש אין איר יונגער נשמה:
זי וואַנדערט אוועק — זיי צו ברענגען א לעבן פון גליק.

## וועגן

די באַן האָט זיך געגליטשט, צוזאַמען מיטן טאָג־פֿאַרגאַנג.
די זון האָט זיך געשפּרייט, אַ גאָלדן־מאַסקע איבער איר.
געטראָגן האָט עס זי, אַ רינג פֿון וועלטן־קייט —
דאָס ערשטע פּלי פֿון שוואַלב — אין די אָרעמס פֿון דער וועלט

אַ קליינשטיק פּעקעלע איז לעבן איר געלעגן,
אַ טרוקן בייגל, בלייפֿעדער, פּאַפּיר —
און הינטער איר ליגט איר היים, פֿאַרלאָרן;
די וועלט — פֿאַר איר, אין סודות איינגעהילט.

וועגן וועבן זיך אין וועגן,
דערפֿער, שטעטלעך פֿליען אָפּ;
איבער אָט די פֿליענדיקע וועלטן
לאָזן זיך די ברעמען פֿון אַ צייט אַראָפּ.

# איר ערשטער צימער

אַן אַלטע בעטל מיט אַ בלויער קאָלדרע,
אַ קליינער טישל, מיט אַ רויטן טוך,
אַ קראַן פון וואַסער, אַן אָפּגוס לעבן פענצטער,
די פענצטער אין געהעפט, מיט רינשטאָק אינדערמיט.

ווענט און פענצטער פון אַ גאַס אַ נאָענטער,
יעדע פענצטער פון אַן אַנדער קיך;
יעדער מענטש וואָס וואַנדערט דאָרט אַרום
שאָטענען זיך אָפּ אױף עטל׳ס גרויע ווענט.

דער קאַמער קליין, אַ שטיינערדיקער באָדן,
די ווענט זיינען גרוי, מיט פייכטיקייט באַדעקט.
און עטל חלומ׳ט דאָרט, זעט דער מאַמע׳ס אויגן
קוקנדיק אױף איר, אומעטיק, פאַרוויינט.

איר קליינע מאַמע, דין, ביינעדיק, שטיל,
דער שטערן פול מיט קנייטשעלעך פאַרזייט;
שטענדיק קרעכצנדיק אונטער שווערער אַרבעט,
הונגעריק, פאַרזאָרגט — פאַר מאָרגנס און פאַר היינט.

„אָ, מאַמע", וויינט זי זיך פאַנאַנדער.
פאַרפאַלן ליגט שוין איצטער דער צוריק.
זי זעצט זיך אױף און רעדט דער מאַמע׳ס ווערטער:
„העלפן איבערבויען דאַרף מען אָט די וועלט".

טריט אין טריט גייט זי צו איר יוגנט —
די וועגן ווייסט זי שוין, וואָס ליגט פאַר איר געגרייט:
וועגן פון די רייכע הענט באַצייכנט
פאַר הונדערטער, פאַר טויזנטער קינדער פון דער וועלט.

זי שלאָפט ניט; זעט די וועלט מיט פענצטער —
איינע צינדט זיך אָן, איינע לעשט זיך אויס.
אין דער שטילקייט פון אַ נאַכט אַזעלכער
וועבן זיך אַריין איר יונגער צער און פרייד.

# 1914

די וועלט איז געלעגן אין זומערנאכט־טרוים,
געגלעט מיט זילבערנע פליגלעך איר אייגן לייב.
געגלעט און געשווידערט — פון עפּעס א נאָענטער געפאר —
און עטל'ען מיט יוגנט און פריידן צוזאמענגעבראכט.

אין גאָלדענעם רינג איז עטל א ליכטיקער שטיינדל,
וואוהין נאָר זי קומט, דערזעט זי דאָרט אויגן וואָס בענקען.
עטל'ען איז נאָענט די פאבריק, די ארבעטער־נויטן.
יונג ווי זי איז, איז הונגער דער גייסט וואָס פארפאָלגט זי.

און אייגן זיינען איר אויך די געהיימע וועגן פון קאמף.
זי שלייכט זיך אריין הינטער טירן וואָס זיינען פארמאכט,
מיט פרייל'עכע אויגן הערט זי דאָס וואָרט צו באפרייען
די אלע געדריקטע וואָס ליידן פון הערשער און הארן.

# מלחמה

נאָר עפּעם א רעווע האָט פּלוצלינג געטאָן די וועלט,
מיט עכאָס צוריק פון אלע טיילן פון דער ערד.
צעבראָכן אין לענדער די רינגען פון ארבעטער־קייט,
פארשפּונען פאר עטל'ען מיט פינצטערן שפּינוועב איר וועג.

גייט זי ארום און ווייסט ניט וואו איין און וואו אוים
און קאָן ניט פארשטיין וואָס הייסט א מלחמה אין לאנד.
זי לויפט מיט דער יוגנט צום גרויסן פאראד פון א צייט:
סאָלדאטן צום פראָנט! און — הורא פאר קייזער און גאָט!

קייזער און גאָט? עס ברענט א גיהנום אין לאנד!
אויסלענדער־הינט — מען שלאָגט, און נקמה איז שטארק!
עטל דערפילט ווי עס כאפּן איר אום אירע פריינט
און שווערן פאר איר — דו ביסט דייטש? ניט קיין וואָרט —
מיט די פיינט.

נאָר עפּעם דערפילט זי א פּלוצלינגען שרעק פארן יום טוב
און קוקט מיט אן אומעט, ווי בלעטער פארגעלן אף בוימער.
עס חלומ'ט שוין איצט נאָר די וועלט פון הונגער און טרויער
און ערגעץ אוואו ווערן לאגערס געבויט פאר די שונאים.

# סאָלדאטן צום פראָנט

סאָלדאטן צום פראָנט!
דאָס לאנד רעוועט אזש פון שטאָלץ:
צום הייליקן קריג און דאָס טייערע דייטשישע בלוט.
וואָקזאלן פולן זיך מיט שטילע טריט,
וואָקזאלן פולן זיך מיט ליד פון זיג,
וואָקזאלן פולן זיך — געלעכטער, מיידל־גליק;
דער העלד גייט אָפּ, די ליבע בלייבט.

א מוטער, וועלכע האָט געוויינט —
האָט זיך דער זון פארשעמט.
דער בירגערמייסטער רעדט און רעדט.
און פון די פינצטערע וואגאָנעס —
קעפּ אױף קעפּ, דורך טירן און דורך פענצטער —
קוקן אומעטיקע אויגן, שרייען מיילער דורך געוויין:
„יעדער שאָס — א רוס; יעדער שטויס — א פראנצויז;"
„יעדער שריט — א בריט!"

נאָר אױף די ווענט פון די וואגאָנען
זיינען אויסגעמאָלן לאנגע נעזער
און „הויט די יודן!"
און עטל קוקט און קוקט,
דערקענט די פּנים'ער פון הינטער יענע טירן,
מיט אויגן אידישע, באליידיקטע, פול טרערן.
און איבער איר, און איבער אלץ
לאָזט א רעגן זיך אראָפּ —
גרויע טראָפּנס, ניט־דערוויינטע טרערן.

# די צייט גייט

עטל'ס גאנג, בא שוועלן פון פאבריקן —
עס ווײַנט שוין איצט דער הונגער פון די אויגן,
עס קריצט די ציין דער סוד וואָס האָט געשוויגן,
און טאָג אין טאָג — די פּאָליציייסקע טירן.

וואנדערט זי דורך גאסן, גרוי פון רעגן,
באקאנטע פּלעצער קוקט זי אָן מיט טרויער.
פון קאפע־הייזער הערט זיך שטענדיק שרייען —
גראָבע הערן, געמיטלעכע, מיט גווידערס —
הייל דיר, און זיגער־קראנץ!

צו מוזיק פון פּייקלען און טרומפּייטן
רייען, רייען פּיס, וואָס גייען, גייען —
מאַקס און יוליוס, פרידל, לודוויג און דער פריץ,
קינדער אין מונדירן, וואָס גייען נאָך די טריט, —

און ווייסן יאָ, און ווייסן אַלץ ניט וואו זיי גייען.
עס וואַרפט שוין קיינער ניט אין וועג אַף זיי קיין בלומען.
נאָר יעדער קערט צו עטל'ען צו דעם פּנים
און די אויגן רעדן עפּעס, בענקען.

אין עטל'ען הילכט דער שטומער ווידער־קול —
פאר אייביק . . . אייביק . . . אייביקייט . . .

# פון עטל׳ס טאָג ביכל

איך פריי זיך נאָר, אז קיינער זעט מיך ניט.
איך וויין און וויין.
אַף מיין בעטל זיץ איך, די פיס אראָפּגעהאנגען.
איך צינד ניט אָן קיין ליכט —
די נאכט וועט סיי ווי סיי פארגיין.

עס קלאפּט מיין הארץ מיט אומרו און מיט בענקעניש
נאָך מיין קליינעם שטעטל, נאָך מיין היים,
נאָך די בלויע זומערדיקע נעכט.
די געסעלעך מיט הייזלעך אויסגעזעצט,
אין שאָטנס — גרויע שטריקעלעך פארדרייט.

און די לבנה, פול און גרויס,
קוקט ארויס דורך צווייגן פון א בוים,
א זילבער־עפּל וואָלט זיך אומגעוויגט.
פון טייכל רופן דאָרט די פרעש.
און ווען־ניט־ווען — א דורכגייענדיקע פּאָרל.

אַף בריקלעך זיצט מען אין אזעלכע נעכט
און רעדן רעדט מען שטיל,
און אויסן שטעטל ליגן קלעצער אפן פעלד,
וואָס טיילט צוויי לענדער אָפּ — א גרענעץ־וועג.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

די טיר שטייט אויפגעמאכט.
איןווינקל אפן שוועל זיצט נאָך די מאמע וואך,
מיט אויגן ברייט־צעעפנט, און פארטראכט,
מיט בענקשאפט און חלומות אין יעדן קנייטש פון הויט.
פון שטיבל טראָגט זיך אזא יונגער און געזונטער שלאָף,
און קעגנאיבער, בא א ווייסן מויער־צאם,
חלומ׳ען די בוימער, מיט דעם בלויען נאכט־הימל צוגלייך.
איך וויין און וויין.
איך וויש אפילו מיינע טרערן ניט אראָפּ.

## בא דער חבר'טע

דער טאָג איז וואַרעם, ווייס.
די שטיינער פון די ברוקן — ריין.
וואו ניט וואו — א געלער בלאַט, וואָס טוליעט זיך צו דער ערד.
וואוהין איצט גיין?
איך טרעף ניט מער קיין חבר'טעס,
קיין פריינט.
איך זיץ אָפּ שעה'ן אין מיין קאַמערל אַליין.
עס טרייבט דער הונגער מיך ארויס.
אין דייטשישע פאַבריקן האָב איך מורא גיין —
עס ווערן אויסלענדער באַפאַלן אויף דער גאַס.
נאָר איצטער, אין דעם זונטיקדיקן פרי
וואַנדער איך,
וואַנדער איך און טראַכט —
אז ערגעץ אויף א וויסטן פעלד
שלאָגן זיך דאָרט עטלעכע סאָלדאַטן פאַרן צאַר
און עטלעכע — פאַר קייזער ווילהעלם.
אי, וואָס האָט עס צו טאָן מיט אונז?
מיט לענדער, שטעט?
מיט מענטשן איבערהויפּט?!

— — — — — — — — — — — — — —

מאָדנע, ווי מיר האָבן זיך באַטראַכט,
ווי מיר וואָלטען זיך צום ערשטן מאָל געזען.
אויף יעדערנס געזיכט ליגט א דינער צער.
אין הויז איז וואַרעם, אויפגעראַמט און שטיל.
נאָר קיינער איז ניט זונטיקדיק געפּוצט . . .
א ווײַלע פיל איך אין א ווײַנענדיקן מוט,
און ס'איז גוט
וואָס קיינער פרעגט מיך ניט קיין זאַך.
נאָר די מוטער קוקט אויף מיר און קוקט.
זי לייגט די הענט צוזאַמען אויף איר פעטן לייב
און גיט א זיפץ.
„אָרעם קינד", זאָגט זי שטיל,
און אירע אויגן ווערן פול, און פול די אויגן
פון מיין חבר'טע,
און ווייכע, ליבע הענט גלעטן מיך.

אין דעם גרויסן צימער —זיצן מיר.
די ווענט זיינען מיט בילדער אויסגעפּוצט,

א זאַפע, מיט צוויי ווייכע שטולן
פון א רויטן פּליוש.
בלומען, און די בלומען קוקן אויסעט מיר.
און אף די פענצטער ליגט דער ווייסער טאָג
און שאַטנט אפן דיל
די בלומען פון גארדין.
די מוטער שאָקלט זיך אן אומעטיקע
הער און הין
און רעדט פארטראַכט אזוי צו זיך אליין:
„קריג? ווער האָט זיך אזעלכעס פאַרגעשטעלט?"
און מיין פריינדן זאָגט:
„אָ, מוטער, רעד דאָך ניט אזוי,
עס איז דאָך שיין, קריג מוז זיין.
אונזער קייזער איז ניט שולדיק.
דו ווייסט, ער וויל קיין קריג."
נאָר די מוטער שאָקלט זיך און שאָקלט זיך:
„דו ביזט א קינד, דו קאָנסט דאָס ניט פארשטיין."
זי קוקט אף מיר:
„זע נאָר עטל'ען, קינד:
איר היימאט איז צעשטערט
און אירע ליבסטע — ווייסט איין גאָט . . ."

און שטיל. מיין פריינדן האלט ארומגענומען מיך.
א זייגער טיקט.
א סקריפּע פון א טיר, און לייכטע טריט אין קאָרידאָר.
מיט אראָפּגעבויגן קאָפּ, אָן א וואָרט בלייבט לודוויג שטיין
זיין פיינער פּנים איז פארטראַכט,
זיין וואוקס איז הויך און שלאַנק.
און אין זיינע אויגן לייכטן זיינע ניינצן יאָר.
„וואָס איז נייעס?" — פרעגט די מוטער
בא איר עלטסטן זון.
ער שאָקלט מיטן קאָפּ:
„עס איז ניט גוט."
די מוטער זיפצט.
עס שפּרינגט מיין פריינדן אויף
און וואַרפט זיך אף איר ברודער'ס האלז.
„אָ, לודוויג, ווארום גייסטו ניט צו הילף
פאר קייזער און פאר פאָטערלאַנד.
דו ביזט א מאן

באטראכט זיך נאָר, דו קומסט צוריק
מיט ערע און מיט זיג."
ער שטויסט זי גוטמוטיק פון זיך
און שמייכלט דין.
„קומט מען איבערהויפּט צוריק?" — פרעגט ער זי.
„וואָס ווילסטו דען פון אים?" — ווערט די מוטער בייז
„האָב איך קיין צייט?" — פרעגט ער זי.
האָב נאָר קיינע זאָרג, זיי פאַרגעסן ניט אָן מיר."

האסטיק עפנט זיך די טיר,
האסטיק קלאַפּן קינדער־טריט,
און בא דער שוועל בלייבט שטיין
א אינגל אין סאָלדאטן־אוניפאָרם.
דער ראָק איז ברייט,
די ארבל שלעפּן זיך אריבער זיינע הענט,
אין קאָלנער קאָן אריינגיין נאָך א האלז,
די הויזן קנייטשן זיך אף גרויסע שיך,
און זיין פּנים לאכט.
די אויגן קוקן יעדן אָן מיט שטאָלץ.
„איך בין סאָלדאט!" — קלאַפּט ער זיך אין הארץ.
מיין חבר'טע איז לעבן אים,
זי ווייסט ניט וואָס צו טאָן פאַר גליק.
נאָר לודוויג שמייכלט אומעטיק צו אים:
„דו זעסט זיך אין א קינדער־שפּיל?"
און פּלוצלינג קוקן אלע זיך ארום:
א טיכעלע צום פּנים צוגעדריקט,
קלאָגט די מוטער שטיל
און כליפּעט צו:
„מיינע קינדער, גאָט דערבארים זיך . . ."

פארשטומט די פּלוצלונגדיקע פרייד.
אף דער מוטער'ס האלז
לייגן זיך די הענט פון זעכצן־יאָריקן סאָלדאט.
„מוטער, וויין זשע ניט, פארשטיי דאָך,
איך בין אָן ארבעטסלאָזער יונג,
שלעפּ מיך טאָג נאָך טאָג ארום" (טרייסט ער זי)
עס זיצט שוין איצט דער שטיף־פאָטער,
דער סאָציאַליסט, און קוקט די סצענע צו:
„פרייהייט האָבן מיר געברויכט —
מאכט מען קריג!"

„דו ביסט פֿאַרעטער פֿון דעם פֿאָטערלאַנד!"
זאָגט מיין פֿריינדן בייז:
„אַזוי, ער לאַכט מיט שפּאָט."
די מוטער ווישט זיך אירע טרערן אָפּ
און זאָגט:
„קומט נאָר איצט צום טיש."
אַלע בעטן מיך, נאָר איך זאָג זיך אָפּ.
און לודוויג זאָגט:
„עס טוט מיר שרעקלעך לייד פֿאַר דיר.
אָט דאָס מיינט קריג:
מען רופֿט צום שלאַכט, און מיר זיינען די פּי."
ער גלעט מיין קאָפּ און ווישט מיר מיינע טרערן אָפּ.

# אין א פוילישׁ אידישער פאבריקל

דער טיש איז לאנג, מיט האנט־טאשן פארפולט —
זיידענע, לעדערנע, מיט פערל אויסגענייט.
מיט בערגלעך זיידענע פאפיר רוישן מיר,
מיט פינגער דינע, קינדערשע.
און די טאשקעס פליען גלייך צוריק.
קינדער פלייסן זיך.

אין צווייטן קאמער קלאפן האמערס,
איין אין איין,
פאר׳עקשנ׳ט און מיט כעס.
און ס׳דאכט זיך אויס,
אז אָט באלד
וועט עפעס וואָס געשען.

בא א שרייב־טיש זיצט דער באלעבאָס
און ווארפט די אויגן ווײלעווייז
אף יעדער מיידל לעבן טיש,
און פארטראכט זיך עפעס וואָס . . .
נאָר זיין אמעריקאנער פריינט,
די נייע אויפזעערן,
טופעט מיט די הויכע קנאפל דורך.

א פולע מויל מיט גאָלדענע ציין,
וואָס פינקלען פון דער ווייט.
די באקן רויט, און אויגן קורצזיכטיק, פארדריקט.
שרייט זי אויס: „קינדער, מאכט עס גיך, גיך!״
זי קוקט זיך איבער מיטן באלעבאָס,
א וואונק פון איר, א וואונק פון אים,
און ווידער שרייט זי אויס: „גיך, גיך!״

נאָר אין דער זעלבער רגע ווערט עס שטיל.
די האמערס קלאפן ניט.
מיידלעך זיצן — אויגן, אויערן אָנגעשפּיצט.
קיין האנט באוועגט זיך ניט.
און עפעס, ווי א דונער, פאלט א האמער צו דער ערד,
און איינער שרייט:
„פארדאמטע שלעק! וועלכע לוינען צאָלט איר איצט?״

עס גיט א פאַל אין שלאָס די טיר,
און גלייך א צווייטן מאָל, און מער.
עס שפּרינגט דער באַלעבאָס פון אָרט.
זיין פּנים'על ווערט איינגעפאַלן, געל,
אין זיינע אויגן בליצן כעס און שרעק.
ער גייט ניט, נאָר ער לויפט, ער שפּרינגט
און שרייט מיט א באַנומען קול:
ווער דערלויבט עס זיך?!"
א הילכיקער געלעכטער ברעכט דאַן אויס.
ער טופּעט מיט די פיס און וואַרפט די הענט ארום:
„שטיל זאָל זיין!"

די אויפזעערן קוקט זיך צו צו אים,
גיט א גלאַנץ מיט אירע גאָלדענע ציין,
איר פּנים ציט זיך עפּעס לענגער אויס,
און הויבט אָן רעדן זיס, די הענט ווי צום געבעט:
„נו, קינדער, עס פּאַסט זיך ניט פאַר אייך.
איר דאַרפט פאַרשטיין —
דייטשלאַנד לעבט איצט דורך א שווערע צייט.
און אַרבעטן — דאָס איז א גליק!
צי דענקט איר, אז מיר זיינען פיינט?
ביי וואָהרע גאָט!
דייטשלאַנד איז אונז טייער, ליב,
און קייזער ווילהעלם —
גאָט זאָל נאָר דערהאַלטן זיין געזונט" (זי גלאָצט די אויגן).
„האַלט דיין מויל"
זאָגט איינער שטיל, מיט שפּאָט,
טוט זיך גלייך זיין רעקל אָן
מאַרשירנדיק צום טיר.
„פּריצל, וואָס איז לויז מיט דיר?"
זאָגט זי מיט די גאָלדענע ציין, דערשראָקן.
נאָר פּריצל'ס ענטפער איז —
זיינע גיכע טריט
באַם לויפן פון די טרעפּ.

און ווייטער בלייבט עס אָט אזוי . . .
דער טאָג איז מילד, דין און ווייס,
און קעגנאיבער, אף א וואַנט,
וואַלגערט זיך א זונען־פלעק

און לעשט זיך לאנגזאם אויס.
אין פאבריקל איז עס שטיל,
נאָר די מיידלעך — זיצן מיר
מיט בערגלעך האנט־טאשן
און זיידענע פאפיר,
און רוישן מיט די דינע פינגער, שוואכער, שטיל,
ווי אויסגייענדיקע טענער באַם קלאַוויר . . .

# אָפּשייד

די נאַכט איז שטיל, וואָלקנדיק און וואַרעמלעך;
נאָר אין מיין קאַמערל איז קיל, אומעטיק און בענקענדיק.
די בענקשאַפט פאַלט אויף מיר
און עפּעס דריקט אויף מיין געמיט.
איך שטיי אָפּט אויפן גאַס,
קוק און קוק — סאָלדאַטן ציען דורך
מיט גיכע טריט.
מען לויפט זיי נאָך, פּרוּוון קושן זיי, א מוטער וויינט,
און מיידלעך הויבן אויף די ברעגן פון די קליידער,
ווי צום טאַנץ, און גייען־מיט מיט א געזאַנג.
אויסלענדער, וואָס שטייען אויפן גאַס,
שרייען אויס:
„הויט די רוסן! דייטשלאַנד זיג!"
(וואָס פאַר א טרויעריקע שפּיל) . . .

באַם טויער האָט מיך איינער אָפּגעשטעלט:
„איך וויל דיך זען" —
שטיל האָט דאָס עמעצער געזאָגט
מיט אן אַראָפּגעבויגן קאָפּ.
און א בענקשאַפט איז געלעגן אין זיין קול.
„פרידל, דו?"
זיין פּנים איז געווען בלייך,
אין זיינע אויגן שרעק.
„איך גיי אוועק" — זאָגט ער,
„צום שלאַכט־פעלד קעמפן, און ניט קומען מער."
א ווײַלע בלייבן ביידע שטיל.
איז באמת אַזוי שרעקלעך קריג?
ער שמייכלט אַזוי אומעטיק און דין,
ווי די נאַכט, וואָס איז איצט שטיל, וואָלקנדיק און וואַרעמלעך.
„וויפיל יאָר איז דיר?"
„זעכצן און א האַלב."
„און גאָר ניט לאַנג ביסטו געווען א דומער יונג!"
ער ענטפערט ניט,
נאָר נעמט מיין האַנט.
מיר גייען, גייען דורך דער שטילער נאַכט.
יוגנט, קוים פון קינדער־שיך אַרויס,
מיט חלומות פאַר א שיינער וועלט.

אין א שענקל קומען מיר אַריין, אין אן אָרעמען קוואַרטאַל.

אזוי פיל אינגלעך טומלען דאָרט ארום,
וואָס דארפן גיין,
און מיידלעך אויך מיט זיי.
מען זינגט דאָרט און מען טרינקט דעם זיסן עפּל־וויין . . .
„ווערסטו מיך דערמאָנען, ווען איך קום ניט מער צוריק?"
פרעגט ער שטיל.
„דו קומסט צוריק" — זאָג איך אין דער שטיל.
איינע זינגט פון דעם געפאלענעם סאָלדאט.
א יונגע פרוי פארקלאמערט זיך
צום אָרעם פון איר מאַן.
א מוטער פאלט מיטביידע הענט
ארום דעם זון־סאָלדאט.
מען וויינט, און אפשר וויין איך אויך . . .
ער האלט א קליינטשיק ביכעלע אין האנט
און שרייבט דאָרטן אריין:
„אין אונזערע ליכטיקע חלומות
האָט זיך איינגעבירגערט איצט א שווארצע קאַץ.
און יוגנט מיט א שווארצן חלום
מיינט דער טויט.
ווען דו קריגסט דאָס ביכעלע פון מיר
בין איך מער פאר קיינעם ניט
און ניט פאר זיך אליין.
די שווארצע קאַץ פרעסט אויף די יוגנט
מיט איר הויט און ביין . . ."
עס שפּילט דאָרט עמעצער קלאוויר
און די יוגנט טאנצט.
מיר גיבן זיך די הענט און רעדן ניט,
נאָר טאנצן אומעטיק און שטיל.
עס האָט שוין איין מאָל דער קלאוויר פארשטומט
און שפּילט א צווייטן מאָל.
די יוגנט האָט זיך אויסגעזועצט,
מען סוד'עט זיך . . .
און מיט אונז שוועבן־מיט יאָרן — שמעטערלינגען,
גאָלד געשפּריצט.
די האָפענונג — א גרינע טויב,
מיט לאָמע פליגעלעך, וואָס פליט.
די ראָזע וועלט, מיט אומעטיקע אויגן.
און אונזער דרייען זיך אהין און הער,
ווי מיר וואָלטן אונזער וועג פארלאָרן.

# בריוו

אויף א טישל, מיט א רויטן טוך,
ליגן בריוולעך אלערליי,
ווייס, ראָז און בלוי.
אין יעדן בריוול ליגט א טרער, א קוש, א בלום,
און איבער זיי — א מידע, אונטערגייענדיקע זון.
און ס'דאכט זיך אויס,
אז אָט די צארטע קינדערישע רייד איז פול
אין יעדן אבר פון מיין יונגן גוף.
עפּעס וואקס איך אויס פון אָט די רייד,
מיט שרעק פאר זייער פלוצלינגען פארגיין.
יוגנט, מיטן ערשטן פרילינג־דופט,
ארומגערינגלט מיט א פייער־פלאַם.
און דאָ דערביי זיץ איך מיט א בריוועלע אין האנט.

שרייב אין זאמד וואָס דריקט דיין הארץ,
פארגעס און דרעמל איין.
וואָס דו שרייבסט אין זאמד אָן היינט
וועט מאָרגן שוין ניט זיין.

שרייב אין שטיין פון דיין דערפארונג,
פון לעבנס־פרייד, פון פּיין און גליק.
עס וועט דער שטיין נאָך לאנגע יאָרן
דיך דערמאנען אַלץ צוריק.

שרייב אין הארץ אריין דיין ליבע,
עס מאכט ניט אויס — פון נאָענט צי פון ווייט;
נאָר וואָס דו שרייבסט אריין אין הארצן
וועט ניט אָפּמעקן די צייט.

און אויף די בריוועלעך מיטן זון־פארגאנג
לייג איך צו א צעטל, פירקאנטיק און גרויס —
זיך צוגרייטן פארלאָזן באלד די שטאָט.

# קאָנצענטראַציע לאַגערן 1914-1915

## אונטערוועגנס

עטל, מיט דעם גורל פון דער וועלט.
די קליינע עטל, מיט די שמייכלענדיקע אויגן,
געטריבן און פארפאָלגט מיט אלעמען צוזאמען.
ווײנט מען, ווארט מען לאנג אף באנען,
און הינטער זיי — צעבראָכענע די היימען,
און ארום זיי — בלאנקע שווערדן, פלינטן,
מיט אויגן, וועלכע שפריצן האס ווי פונקען.

די פענצטער פארהאקט, בא די טירן סאָלדאטן;
מענטשן, און מענטשן, און מענטשן און מענטשן;
וועלדער און פעלדער, דערפער און שטעטלעך
קומען אנטקעגן און לויפן אוועק שוין,
און ס׳לויפן מיט זיי די חלומות פון לעבן —
גאָלדענע פונקען, וואָס גליען און לעשן.
און איבער דער וועלט פאלט א טויאיקער נעפל,
א גרויער, וואָס בייט זיך אף דינינקן רעגן.
עס טונקלט דער אָוונט — קנייטשן אף שטערן.
די האָפנונג —וויינט איצט אין קייטן געשלאָסן.

## טרויער

ס'איז עפּעס יאָ געווען אַ וועלט מיט מענטשן,
אַ וועלט וואָס האָט געבויט פאַר זיך אַ לעבן,
אַ וועלט וואָס האָט געקעמפט, געליבט, געשריטן,
פאַר נייע וועלטן, מענטשן־ליבע, גליקן.

עפּעס נאָר אַ חלום איז געבליבן.
עס ווערן טעג געבאָרן — טויטע שוואַלבן,
וואָס פאַלן איבער שטעכעדיקע דראָטן,
און איבער זיי — אַ מורא'דיקער אָדלער,
די נעגל גרייט, אין איין אויג — טויזנט אויגן,
צום זוכן און געפינען נייע טויטן.

# לאגער

ווער האָט געזען די דייטשישע לאַגערס,
די וויסטע באַראַקן — העסען, האַלצמינדען?
די דראַטיקע פּאַרקנס, געצאַמטע צו צווייען,
פאַר טויזנטער מענטשן — געפאַנגענע שקלאַפן!

פראַנצויזן, בעלגיער, רוסן, פּאָליאַקן,
ענגלישע און גאַנצענע שטעטעלעך פון עלזאַס;
און טאָג נאָך טאָג טרייבט מען אריין זיי ווי חיות,
פאַרמאַטערט, פאַרהונגערט, צעריסן, צעבלוטיקט.

נאָר ס'האָט די נאַטור ניט פאַרגעסן איר גאַנג —
דער הימל ווערט גרוי, און מיט נאַסקייט די ערד.
עס מאַכן די דייטשן א גאָטעס־געבעט —
פאַר גאָט און קייזער, און היילִיקן קריג.

א רב, א גלח, ווי א צווילינג געקליידט,
באַוואַכט פון סאָלדאַטן — א שלאַכט־פעלד געגרייט,
ניט איר און ניט מיר זיינען שולדיק אין קריג,
עס איז פון דעם איינציקן גאָט נאָר באַשטימט.

עס האָט אונז געצוואונגען דער פיינט צום שווערד.
עס פריידיקן ביידע, פאַר איד און פאַר קריסט.
עס ווערן געצוואונגען דערוויילע צו שטיין
הילפלאָזע מענטשן, פאַרהונגערט, געקרענקט.

פאַר קייזער און גאָט? — פאַר טיראַנישע הערצער!
עטל דערפילט זיך באַליידיקט, פאַרשעמט.
עס דאַכט זיך איר אויס — עפּעס יאָרן פאַרגאַנגען
זינט ס'איז געווען א מענטשלעכע וועלט.

עס שטייען אף וועגן הילצערנע סלופּעס —
דאָרט הענגט מען פאַר די הענט שונאים באַשטראָפטע,
רייעסווייז מענטשן — קריסטוס אף צלם,
ביז עס לאָזט זיך ארונטער א טויטלעכער פּנים.

פאַר קייזער, פאַר גאָט? פאַר געפּיינקיטע שקלאַפן,
וואָס ווערן צעשטעלט אונטער הארבסטיקן רעגן,

אזוי אז אף קאָפּ זאָל רינען דאָס וואסער,
פון קאָפּ אפן נאקן, פון נאקן אף קערפּער.

ווער האָט געזען די דייטשישע לאגערס,
די וויסטע באראקן פון העסען, האָלצמינדען?
פאראן א באראק געבויט, געמאכט פאר די קראנקע,
און ס'ליגן שוין דאָרטן די צענדליקער קינדער.

נאָר קיינמאָל וועט שוין עטל ניט קאָנען פארגעסן
די קלייניקע אנא, א טויטלעכעס קינד,
מיט ווייסינקע האָר און ווייסער דאָס פּנים,
און אויגן, אזוי ווי די טיף־בלויע הימלען.

עס בעט זיך מיט דינע פארטריקנטע ליפּן,
איר קול — א פלאטער פון זיידענעם טיכל.
עס בעט זיך אין פּויליש א ביסעלע וואסער,
מיט טרערן, מיט צער, מיט שרעק אין די אויגן.

נאָר עפּעס אזוי ווי א פּלוצלינגער שטורעם
עפנט זיך אויף די טיר און פארמאכט זיך.
א מאן און א פרוי, פּויערים פּראָסטע,
פארוויינט, צעריסן און סאָלדאטן ארום זיי.

„אנעלע!" — שטרעקן זיי ביידע די הענט אויס
און פאלן ארויף מיט די הענט אפן פּנים.
עס נעמען זיי שטופּן צוריק די סאָלדאטן —
זיי טאָרן זיך ביידע ניט רירן פון טיר־שוועל.

„מאמעניו!" — הערט זיך די קלייניקע אנא,
און האָט ניט קיין כּוח צו וויינען, צו רופן.
זיי פאלן אף קני פאר די גראָבע סאָלדאטן
און ווילן זיי קושן די הענט און די שטיוול.

צולאָזן כאָטש איינמאָל א קוש טאָן דאָס קינד
איידער מען שיקט זיי אוועק פון דאנען . . .
נאָר ס'הערט זיך דער יאָמער פון פאָטער און מוטער,
אלץ ווייטער, אלץ ווייטער מיט ביקסן געשריבן.

פאר קייזער און גאָט און פאר דייטשישן רייך . . .
עס גייען די הארבסטן, די ווינטערס, די זומערס.

אין הייליקן זונטיק קומט מען צוגיין,
קוקט מען דורך גראטעס אף דייטשישן וואונדער.

שמייכלען. און דאָ שטייט אן עלנטע מוטער,
מיט הענט אויסגעשטרעקט, מיט טרערן די אויגן.
פון איין זייט — צוויי יונגע געפאנגענע פראנצויזן;
און דאָרטן — צוויי מאָגערע דייטשישע סאָלדאטן.

אלע פינף שטייען פארוויינט, געבויגן —
פיר ברידער פון איין און דער זעלביקער מאמען,
נאָר ס'איז איר באשערט געוועזן האָבן צוויי מענער —
א דייטש, א פראנצויז, און זי איז פון עלזאס.

עס טאָרן די דייטשן ניט גיין צו די שונאים,
די שונאים — די ברידער און אפילו די מאמע.
זי שטרעקט אירע הענט און וויינט: „מיינע קינדער . . . .
און עס טראָגט איר געוויין זיך דורך לענדער און ימ'ען.

# נעכט

עטל, וואָס פלעגט אין דער נאכט ניט דערשלאָפן,
נאָר טראכטן פון טעג, מיט צע'הרג'עטע לייבער,
טראכטן, אז פערדישע מיסט ווערט א שפייז דאָ,
צעבראָכענע קאנען ווערן חלפים . . .

און זען אזוי, דורך דער שיין פון לבנה,
די שיטערע דילן אף בלאָטיקער ערד,
די שטרוי־זעק, וואָס זיינען פייכט און פארבלאָטיקט,
די קאָלדרעס, די שווארצע, וואָס ליגן פארדעקט.

זען, ווי עמעצער זיצט אין דער נאכט,
די הענט אפן הארצן, א הוסטן וואָס פייפט,
און פלוצלינג א קרעכץ, וואָס רייסט דורך די שטילקייט,
און בלוט ארום איר — א מענטש חלומ'ט אויס . . .

זען, ווי אין נאכט וואנדערט עמעצער אום,
א יונגע געשטאלט, מיט צעלאָזענע האָר,
און קלאָגט אין דער שטיל: „זיי האָבן גע'הרג'עט
מיין אָרעמען טאטן . . . וואָס האָט ער געטאָן?"

און אָפט אין אזעלכענע נעכט, בא לבנה,
וויינט זי אף בריוו פון די יונגע קרבנות;
יעדערער בריוו איז בלוט און איז טרערן —
די קללה צום שלאכט־פעלד, די ליבע צום לעבן.

יעדער פון זיי שרייבט די אייגענע ווערטער:
„קריגסטו מיין בריוו, בין איך אפשר אין דר'ערד שוין . . ."
און ס'שוועבן פארביי איר די פנימ'ער נאָענטע
פון לורוויג און פרידל, פון קארל און אנטאָן.

„איך בין פארוואונדערט, מיין צייט איז געקומען,
ליכטיקע מיידל, נעם צו מיין יוגנט
און לעב עס אין דיר אויף, מיין חלום וואָס פינצטערט,
און גיב צו דער בעסערער וועלט מיינע גרוסן.

דעם לאָק פון דיין קאָפּ טראָג איך צום הארצן —
ס'דאכט זיך מיר אויס, ער פארהיט מיך פון טויט.
קום איך צוריק, וועט דיין וועג זיין מיט בלומען.
נאָר ס'איז מלחמה — פארגעס ניט אָן מיר."

# דער מאַרש צו דער שולע

עטל מאַרשירט מיט די קינדער אין שולע —
אויסערן לאַגער — אַ לאַגער אַ קליינס.
עס ווערן די קינדער געצוואונגען צו זינגען
געבעט פאַר די דייטשן צו זיגן אין פראָנט.

עטל׳ס געשטאַלט — אַ דינינקער בוימל,
דורכזיכטיק־ווייס איז פון פּנים די הויט;
אַריבער די אויגן, וואָס קוקן פאַרטרויערט,
צעשיטן זיך ברוינע געקרייזלטע האָר.

די שטילקייט פון ווייטנס דערמאַנט איר אָן וועלט —
די וועלט, וועלכע ליגט איצט דורך צאַם אָפּגעשניטן;
אין יעדערנס אויגן אַ הילפלאָזע פּיין,
יעדערנס לעבן — דער גורל פון צייט.

נאָר עטל דערזעט אין דעם שנייאיקן וואַסער
די קינדערשע טריט וואָס באַשאַפן אַ וועג;
שיכלעך צענומענע, שיכלעך פון לייוונט,
שיכלעך פון האָלץ און קאַלאָשן מיט שטריק.

# אומעט

אין דער קאַלטער דעמפּער לופט,
וואָס שמעקט מיט רויער ערד,
ליגן אין די ראַמען אַפּן דיל
די שטרוי־זעק, אַלע אומגעדרייט
צו טריקענען זיך.

בא יעדער בעט — אַ ציטערדיקע פרוי, אַ קינד;
בא קליינע, שוואַרצע אויוועלעך
אין דער מיט
וואָס קוקן גליווערדיק,
שטייט אַ טישעלע מיט בלעכענע געפעס.

פענצטער גלאָצן, מיט אַ גרויען נעפּל
אָנגעקלאַפּט,
און הינטער גרויע נעפּלען, אין דער העכסטער
הויך,
ווײַנט די זון אַף איר פאַרשטעלטן וועג.

ווייטער איז עס שטיל,
נאָר אין יעדערענס געזיכט
רויכערט זיך
דער עלנט פון דער וועלט.

# אין לאזארעט

(פון טאָג־ביכל)

ארום איז שטיל.
אף פענצטער קלעפּט די בלויע נאכט
און באוואכט
רייען בעטלעך אין דעם קאלטן לאזארעט.
נאָר ווען־ניט־ווען צעיאָמערט זיך א קינד;
איינע טוט א זיפץ, —
און שטיל . . .

קיין זייגער טיקעט.
עס שטערט קיין טריט די רו.
עס גלעט דאָ קיינעם ניט
א קראנקן־שוועסטער'ס האנט.
נאָר אָפט דורך נאכט שטיי איך אויף
און זיץ א באָרוועסע בא א בעטעלע
פון א קראנקן קינד.

עס אָטעמט שווער
און האלט די אייגעלעך פארמאכט.
איך גלעט דאָס קעפּעלע,
וואָס ברענט פון היץ.
צי וויינט א מאמע וואו אין שטילער נאכט?
און עפּעס טרויערט עס אין מיר.

עס קומען און פארגייען טעג, וואָס וואָרעמען,
וואָס טוליען ליב צו זיך די וועלט,
און אָפט צעשפּרייט זיך אזא דינער שטראל
אף בעטעלע פון קראנקן קינד,
און בלייכע הענטעלעך טוען עס א נעם
און פארקוועטשן עס אין לייִדיקן פויסט.

נאָר הינטער אָט די פענצטער, אין דער וויט,
שמעלצט, צעגייט די אָפּגייענדיקע צייט,
ווי א שטויב פון גאָלד,
וואָס טראָגט זיך אום אף בלויע פליגעלעך
פון ווינט.

באם פענצטער פון דעם קאַלטן לאַזאַרעט
קוק איך אָפט אין ווייטקייטן אַוועק —
אום ניט צו זען דעם שטעכעדיקן צאַם.
עס וואַנדערט דאָרט דורך א נעגער־יונג,
גיט א בליץ מיט ווייסע ציין, מיט אויגן ברוין,
און פליסטערט אויס: „סוויטהאַרט!״

# אומרו

עטל חלומ'ט מיט די טעג, זייער בלוטיקן פארגיין.
צער און צאָרן פון געפאנגענע
וואָס זיינען איצט א טרויעריקע שפּיל
אין נעגל פון א צייט,
וואָס זי געהאָדעוועט האָט גאָלד
און קרוינען פון דער וועלט.

עטל חלומ'ט מיט די טעג, זייער בלוטיקן פארגיין.
דעם אומרו פון די הילפלאָזע אָטעמס זי אריין.
אין יעדן פּנים לייענט זי — פארגאנג,
ווי איר איינן יוגנט איז אוועק —
אף שלאכט־פעלדער, בא גריבער איינזאמע
פון אירע יוגנט־פריינט.

און ערגעץ אין דער ווייט
ליגט איר בענקשאפט, ווי א קראנקער הירש,
און היט די חורבות פון איר שטעטעלע,
איר היים . . .

# וואַנדער - וועגן

## אויף דער באַן

און ווידער מיט אַ פּעקעלע אין האַנט.
אַ קליינע היטל אויפן קאָפּ,
אַ קורץ און דינס רעקעלע פון שוואַרצן סאַמעט,
שיכעלעך, מיט זוילן דורכגעפּלאַצט —
טראָגט זי זיך אין איינזאַמע מיט דער לויפנדיקער באַן.

און הינטער איר פּליט, פאַרשווינדט אַ וועלט
מיט אירע ליכטיקע חלומות —
יונגע פרייד, און אומעט, האָפענונג,
און טרערן.

וואַלד און פעלד, מיט בענקעלעך
אַנטקעגן דער לבנה,
שיפעלעך אויף זילבערנעם, שלומערדיקן
וואַסער.
און אָפּט דורך וועלדער אין געוויטער־נעבט
וואַנדערן צום טאַנץ
און יאָגן זיך ווי יונגע הירשן
בײַ אַ רעגן־גוס.

אַלצדינג פּליט, פאַרשווינדט —
באַגראָבן אין דעם אָפּגרונט פון מלחמה.
און איבער אָט דער אָפּגייענדיקער וועלט
שפּרייט זי אויס איר צער און בענקשאַפט —
פאַר אייביקייט
אַ גאָלדן מאָנומענט.

# באַ די וואַסערן פון קראָנשטאַט

וואָס האָט עטל נאָך געוואוסט, אַ הוץ מלחמה־ליידן?
וואָס האָט זי געוואוסט פון אָט דער וועלט,
וואו אין ים די שטורעמדיקע כוואַליעס
קלאַפּן זיך צוזאַמען מיט דער ערד?
עטל שטייט איצט פאַר אַן אַנדער לעבן;
עטל שטייט איצט פאַר אַ נייעם שוועל.

קייזער, גאָט, און פאָטערלאַנד,
מלחמה, פייער, בלוט —
מענטשן נאָך פון דאָרט געבליבענע,
אָן הענט, אָן פיס, מיט וואַקלענדיקע קעפּ,
נעזער אָפּגעהאַקט, מיילער אויף אַ זייט.
מען בייט זיי אויס,
אויף אייביק שוין פאַרקריפּלטע.

קייזער, גאָט און פאָטערלאַנד —
קוקט מאַטיאַנאַ, טאָכטער פון דעם צאַר,
אַ וויכטיקע, אַרום איר — אָפיצערן
קוקן צו און גיבן זיך קיין קרים.

מען לאָזט צוזאַמען דייטשן מיט די רוסן;
זיי גיבן זיך די הענט, אַראָפּגעלאָזט די קעפּ:
„גוטן טאָג!" — „זדראַסטוואויטע!"
מען שלינגט אַ טרער אַרונטער,
און שיידן זיך פאַנאַנדער פריינט, באַליידיקטע.

עטל פילט די הענט צוזאַמענקראַמפּן,
יעדער אָדער פון איר האַרצן וויינט.
בעטלעך צוויי, מיט האַלבע מענטשן,
קערפּערס, ווי סקעלעטן, געל,
אַ ניט־דערזאָגטע פּיין.

מען שטעלט די בעטלעך איינס אַנטקעגן צווייטן.
יונגעלייט, וואָס האָבן ניט קיין פיס;
מען קוקט זיך אָן, האַנט־אין־האַנט געשלאָסן,
ברומען אַ געוויין, באַק צו באַק געדריקט.

פאר קייזער, גאָט און פאָטערלאַנד?
פון יעדנס אויגן וויינט ארויס דער שפּאָט.
טאַטיאַנאַ אין די קראנקן־שוועסטער־קליידער —
קיינער שענקט איר ניט א קוק פון זייער אויג.

און אָט דער טייך צווישן קראָנשטאַט־פינלאנד
מיט לייכטנדיקן הימל אין זיין שוים,
שפּילט זיך אום מיט גאָלד־און זילבער־בלעזלעך,
ווי קינדערישע פינגערלעך וואָלטן זיך
דאָרט געטונקט.

עטל הויבט איר פויסט, פארבייסט די ליפּן,
און טראָגט זיך פּנים קעגן פּנים מיט דער וועלט.
די אויגן — פול, באליידיקטע מיט טרערן,
אין הארצן מיט א שנאה צו דער וועלט.

# א וואָקזאל אין פעטראָגראד

(פון טאָג־ביכל)

רייען פינצטערע וואַגאָנען,
שמאָל און לאַנג, א דאַכלאָזע פּלאַטפאָרם.
דאָ און דאָרט לייכטן געלע ליכט.
א דינער רעגן זיפּט זיך איבער אונז.
מיט פּעק און זעק, היימלאָז און פארטרויערט
עס סאָפּעט אזוי אומרואיק דער לאָקאָמאָטיוו,
ער קרעכצט.
יונגט פון די פעטראָגראדער היימען
שטופּן אונז צוזאַמען אין וואַגאָנען,
מיט כעס, מיט האַס, מערער, גיכער.
און רייסן אָפּ קינדער פון די מוטערס
און מוטערס פון די קינדער.
פארקלאַפּט די טיר, א פייף,
און אין דעם יאָמערלעך געוויין
פון די צעריסענע משפחות
גליטשן זיך אוועק וואַגאָנען נאָך וואַגאָנען,
אָן א וואו און אָן א ווען . . .
איינער צו דעם צווייטן צוגעדריקט.
נאָר אין דער פינצטערקייט פון נאַכט
טראָגט זיך מיט א הייזעריק געשריי:
„מיינע קינדערלעך! מיינע קינדער!"

— — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —

און אָט — די שטאָט פון קרוינען און פּאַלאַצן,
שכרות, אויסגעלאַזנקייט פון פוילע אריסטאָקראַטן.
מיר דרייען זיך ארום זיי, ווי צום שפּאָט,
ווי דער שרעק פאַר אירע הייליקייטן.
ווייטער טראָגט עס אונז אין טונקלקייט אוועק,
ווי מיר וואָלטן נאָר געווען
דער אָפּפאַל פון דער וועלט,
וואָס דארפן באזייטיקט ווערן.

— — — — — — — — — — — — — — —

עס ליגט א נאַכט, מיט שטערנדלעך פארצויגן.
אזוי טיף איז זי, די נאַכט, און שטיל.
באַם וואָקזאַל, אף שטיינערדיקן בריקל,
קוק איך ווייט אף אומבאַקאַנטע וועגן.
די לעצטע קינדערשע חלומות שוועבן.

טראָגן־מיט מיין יוגנט
צו די שיינענדיקע שטערן.

עס ליגט א נאכט. צוגעטוליעט הויז צו הויז.
מיין טראָט איז ציטערדיק און דין.
די גאסן אָרעמע און שמאָל,
ערטערווייז די ערד צעגראָבן,
ציגל, ליים, פון לאנג פארטראָטן שוין.
איך שלים מיך צו א גרופע היימלאָזע.
אלע גייען מיר פארטראכט.
די נאכט איז טיף, טיף . . .
און ווייניק גאסן־ליכט.
און עפעס דאכט זיך אויס,
אז יעדערע לאמטערנע רופט:
„היט זיך! הינטער דיר איז בלוט!"

# דער קאָמיטעט

די פינצטערע געביידע ליגט פארשטומט.
נאָר ערגעץ אין א קאַמער ברענט נאָך א ליכט,
און אַף די בענק, ארום די ווענט,
מענער, פרויען, אלטע לייט און יונג
שלומערן פארשאָטנט, בלייך און מיד.

בא א רונדן טיש מיט א גרינעם לאָמפּ
ליגט א גרויסער בוך,
און עמעצנס געבויגן קאָפּ
פירט ארום א האנט,
און, ווי פון בוך ארויס, פרעגט א מידער קול —
נעמען, וואו, ווער און וואָס?
און הייסט פארנעמען פלאַץ אַף בענק,
צי אפן דיל, ביז מאָרגן אין דער פרי.
— — — — — — — — — — — — — —
האָט עמעצער געוויינט?
עס פירן צוויי פון קאמער מיך ארויס.
א קליינער מאן קוקט בייז.
א מיידל נעמט מיך טרייסטנדיק ארום.
מען פירט מיך ערגעץ צו א גרויסער שול.
דאָרט לאָזט מען זיך מיט טרעפּ אראָפּ
אין א קעלער־גרוב.

דער שטיינערדיקער דיל איז נאַס.
די לופט איז קאלט און שמעקט מיט רויער ערד.
אין רייען שטייען קעמערלעך געבויט,
מיט ברעטער אָפּגעצאמט.
א טאשן־לאָמפּ, וואָס טוט א בליץ פון זיינע הענט.
גיט א פּנים זיך א הויב,
דערשראָקן, בלייך.
מען הייסט זיי מאכן פלאַץ.

האָט עמעצער געשריען אין דער הויך?
געשלאָגן מיטן פויסט דעם מאן?
ארום מיר שווינדלען פּנים׳ער ווי טויט.
א וויינענדיקע פרוי רופט אויס:
„מיר זיינען אויך געוועזן מיט מענטשן גלייך:

א היים, א בעט — און וואָס זיינען מיר איצט?״
עס שרייט אַ יונגער קול:
„ווי לאַנג, ווי לאַנג וועלן מיר דאָ פוילן
לעבעדיקערהייט?״
דער קליינער מענטשל לעבן מיר ווערט בייז:
„די מיילער צו, און שלאָפן גייט!״

# בא אים אין הויז

אין הויז איז ווארעם, שטיל.
קאמערן מיט צוגעמאכטע טירן.
אוןביידע מיידלעך שטייען מיר
אונטער אזא דינעם ליכט.
א זאָפע מיט א בעט, און בילדער אף די ווענט.

וואנדרערער דורך נאכט און קעלט
מיט שרעקנדיקע קינדער אף די הענט,
און טרויער, טרויער, טרויער . . .
טיפער שניי און בלויער פראָסט,
און רייען, רייען, רייען . . .
פנימ'ער באקאנט; עס דאכט מיר אויס,
עס גייען דאָ דער טאטע מיט דער מאמע'ן.
אלע זיינען עפעס אזוי נאָענט . . .
זיי פאָרויס, צום אייגן לייב געטוליעט,
טראָגט מען די געראטעוועטע ספר־תורה

מיר קוקן זיך ביידע אָן
צום ערשטן מאָל.
א בלייכע הויט, מיט אויגן ליכטיק, גרוי,
שווארצע האָר פארפלאָכטן ארום שטערן,
מיט ציינער שפיציקע, ווי בא א קעצל.
זי שמייכלט ליב, מיט חנ'עוודיקע באקן־גריבעלעך,
איינגעגנעצט מיט טרערן.
„וויין ניט מער", זאָגט זי צו מיר.
„עס הויבט אָן טאָג צו ווערן."

א דינער־דינער גרוי צעשווימט זיך
אף די שויבן
און אין דעם מידן מוח הויבט זיך אָן וואָס וועבן —
שפליטערלעך פון ליכטיקע חלומות . . .
דעם אָטעמען פון דער מיידל
קומט פון טיפן שלאָף.
נאָר פון דער טיר עפעס א שטילער סקריפ,
א בלייבער שיין,
און אפן דיל פליאסקען א פאָר פיס.
ער שטייט באם בעט, מורמלט עפעס דאָרט.

דאָס מיידל גיט דערשראָקן זיך א כאַפּ,
א קרעכץ.
ער שלעפּט זי פונעם בעט ארויס.
מען ראנגלט זיך, עס הילכט א פּאטש,
א שטיל געוויין . . .

# צוריק צום פונקט

אָט אזוי פארגייען זיך די נעכט,
די נעכט וואָס קומען מיט א בלוטיקער לבנה.
שטעגן, בריקלעך, אָפּגרונטן און בערג,
א רו וואָס אָטעמט מיט לעבנס אין דער טיף,
מיט א גערויש פון רעדער,
מיט וואנדערנדיקע שיפּעלעך אַף דראָט,
טרובעס, וואָס זיי שרייען אוים די צייט
און שפּייען אוים.
הונדערטער פארשלאָפענע, מיט מידע אויגן;
פנים'ער מיט שווארצן שטויב פארשאָטן.
בא טונעלן גריסט מען זיך
מיט די וואָס קומען זיי פארבייטן
אין דער פריסטער פרי,
ווען די לבנה קלעטערט פון דער הויך
צוריק צום נידער
און צאנקט אזוי, ווי אן אויסגייענדיקע ליכט.
עס פאלט איר שיין — א ציטערדיקער פינגער
גיט א גלעט די שווארצע ערד.

# פאשע

פאשע, חבר'טע פון שוואַרצע קוילן,
מיט טעג וואָס לייכטן אין איר האַרץ.
אין טיפע וועלטן מיטן האַמער־קלאַנג
חלומ'ט זי פון אַ פרייער וועלט.

דאָס הייזעלע אַפּן גרויסן מאַרק,
צוויי קעמערלעך, מיט ברעטער אָפּגעצאַמט.
אַ טיש און בעטן — דאָס איז איר היים;
אַ קראַנקע מאַמע און ברידער צוויי.

ווען זיי קומען פון דער שוואַרצער טיף —
מיט אָרעמקייט באַגריסט מען זיך.
די מאַמע קרעכצט — קיין עסן ניט צו זאַט
און פאשע הוסט, איר לייב — אַ קינד אַ דאַרעם.

נאָר אירע אויגן — שוואַרצע גליענדיקע קוילן.
אַרום איר מויל — דינע פעלדעלעך צעצויגן.
דער שטערן אירס טראַכט דורך לייכטע קנייטשן.
מיט שוואַרצע האָר — אומרואיקע קרויזן.

פאשע, חבר'טע, געבאָרן באַ די שאַכטעס.
קינדער־יאָרן — אַ טיפע וואונד אין האַרצן.
באַקאַנט מיט הונגער און שוואַרץ־פאַרשטויבטע וועגן,
מיט קוילן־גרעבערס לײדן, מיט קוילן־גרעבערס פריידן.

# דערוואַרטונג

מיר וואַנדערן אַרום, מײַן חבר'טע און איך.
דער טאָג מיט גאָלד בלײַאסקעט דורך דער בלויער לופֿט.
און עפּעס אומרואיק און יום־טובֿ'דיק צוגלײַך.
פֿון די טאָלן ריזיקע ביז צום גרויסן מאַרק,
פֿון די גריבערדיקע וועלדעלעך ביז די קוילן־האַלעס,
פֿון די זײַלן אײַזערנע ביז די וואַנדערנדיקע שיפֿלעך,
פֿון די ביידלעך אפֿן מאַרק ביז פֿאַרלאָזענע געביידעס —
עס האָט זיך היינט דער טאָג פֿאַרטראַכט
און אַלץ איז אין דערוואַרטונג.
עס שטראָמען פֿון יעדן אָרט קוילן־גרעבערס מחנות.
ביידע מיידלעך שטייען מיר, האַנט־אין־האַנט געשלאָסן —
צוזאַמען מיטן מענטשן שטראָם,
צוזאַמען אין דערוואַרטונג.

## דער רעדנער

איבער דער בינע, אינמיטן פון מארק,
האלט זיך די זון — א גאָלדענער דאך.

דער ארבעטער־פירער, וואָס רעדט פון דער הויך,
שיט ווי מיט זונען אף אלעמענס קעפּ.

און איבער דער ווייט און איבער דער ברייט
טראָגט זיך דער ענטפער פון ארבעטער רייען.

אנטשלאָסן, מיט שבועה, האנט אין א פויסט;
די אומרו צעגייט און דערוואַרטונג דאָ בלייבט.

## בירגער-קריג 1918 - 1920

### די רייכע וועלט מאכט געשעפט

עטל אף װעגן — האסטיקער, גיכער
דורך הונגער און טרויער, דורך פייער און בלוט.
עס שרייען די רייכע: „באַרוועסע! רויטע!"
עס שרייען די רויטע: „בורזשויסקע הינט!"

פון הונדערטער דורות הארן און שקלאפן
א בלוטיק ארענע, שווערד קעגן שווערד;
און לענדער, וואָס ווילן די פרייהייט דערדריקן,
ווארפן מיליאָנען אין בלוטיקן שפיל.

בא ליכטיקע הימלען שוין פוסטעווען גאסן,
נאָר רעדער פון װעגענער ראָלן אף שטיינער:
רוסישע שפייזן פאר דייטשישן הונגער,
דייטשישע ביקסן פאר רוסישע הערצער.

# נאכט

די נאכט איז העל. א ווייסע טייבעלע יעדע שייבל.
רייכע צימערן דרעמלען פויל
אין שאָטנס פון דער נאכט.
זאטע הערן, זאטע דאמען, מיט פארבייזערטע
גענזיכטן,
רייסן אָפּט די שטילקייט דורך מיט א שפּאָטישן
געלעכטער:
„רויטע, באָרוועסע שלעפּוכעס! עס האָט זיי ניט
א צאר געפּאסט!
עס האָט זיך זיי פארוואָלט אן אייגענע מלוכה!
מיינערטוועגן, גאָטעניו, אַף יעדן בוים!"

עטל אין דעם בליענדיקן הונגער.
א קליינער קאמערל, אָן ליכט, אָן שיין,
א הילצן זאָפּקע, א קליין קישעלע, א מאנטל;
און אַף די גאסן וואלגערן זיך טויטע.
עטל הערט איר נאָמען — עס רופט זי עמעצער,
באגלייט מיט אזא ראָזעווען געלעכטער,
עס רופט זי עמעצער —מיט אזא זאטן, רואיק קול:
„א טענצל וויל איך אַף דער נייער וואָך!
קארטאָשקעלעך, א שטיקל הערינג אויך פאראן!"

און שווערע טריט, צוויי פעטע ווייסע הענט
ווארפן זיך ארויף אַף עטל'ס שוואכן גוף.
ווערטער שפּארן זיך צום מוח,
רייסן זיך צום הארץ,
די ליידיקע גדערים מאכן פּלאַץ —
קארטאָשקעלעך, א שטיקל הערינג אויך פאראן . . .

די אויגן אָנגעגאָסן — כעס און צער,
די ליפּן צוגעפּרעסט, דרייט זי זיך,
הויבט די דינע פיס.
„שטארקער!" — קלאַפּט ווער מיט די הענט.
און זאטע הערן, זאטע דאמען לאכן,
דאנקען גאָט.
די העלע נאכט, א ווייסע טייבעלע יעדע שייבל.
אַף די גאסן גרוילן מאָרדן
פון באנדעס שכור'ע פּעטלורעוועס.

# אין טיפן צער

נאָך גאָלדע מאַרקיש

די נאַכט — בלייבט אַזאַ ווייסע,
ווי אַלאַבאַסטער קלאָר;
נאָר צוגעדעקט די פענצטער
מיט אַ שוואַרצער טוך.

גייט אויף אין טונקל הויז
אַ בענקשאַפט צו דער ווייסער נאַכט,
שניידט די ווייסקייט דורך אַ קול,
אַ פאַרפּייניקטער געוויין.

קוקן אויגן אומעטיקע
דורכן פענצטער אויף דער גאַס.
לייכט אַ בלוילעכע לבנה,
און — אַ נאַקעט פרויען־לייב.

ווערט נאָך מערער אָנגעפילט
דאָס גאַנצע הויז מיט שטומען וויי.
ווערט נאָך מער די נאַכט צעשטראַלט
אין לויטערקייט פון גרין און בלוי.

ווערט דאַן אין די טרערן וואַך
יונגע האָפענונג, צום קאַמף.
קלאַפּט אין דרויסן אויס אַ שאָס,
דעם פייער עמעצען אין האַרץ.

מישן זיך אַזוי אין נאַכט
חלומות, טרערן, בלוט און ליכט,
ביז עס נעמט אַרום די וועלט
אַ רויטע טרייסטנדיקע האַנט.

# אזא באגינען

א גרויע נעפּלדיקע אויג גייט אויף
פון לאָדן־שפּאַלט
און גליטשט זיך דורך דער טונקלקייט ארום
אַף ראָזלעכע געבלימלטע ווענט,
אַף ברייטער בעט מיט זיידענעם פּארדעק,
אַף טישל מיט צעוואָרפענע געפעס,
אַף בלומען־טעפּ צעבראָכענע אַף דר'ערד,
אַף דורכגעשלאָגענעם סופיט
האָפנונגסלאָזע געסט.

אין פענצטער צאַפּלט זיך אָן אָנהויב פון א טאָג —
ווי גרויע שרעטעלעך,
וואָס לעקן אָפּ די שווארצקייט פון דער נאכט.
די גאס איז ברייט.
א הויז קוקט אומעטיק, אָן א ווינקל־וואנט.
אָן אָפּגעבראָכן בוים
ליגט צוגעדריקט צום איַיגן שטאם.
אַף דר'ערד רוט דער גרויער נעפּל נאָך.

עטל קוקט — אין גאסן וואלגערן זיך אין בלוט
מאכנאָוועצעם און פּעטלורעווצעם.

# רויטע

ווייסע אוקראַינישע נעכט.
זילבערנע שוועלן צו א רויטער וועלט.
אין כאַאָס פון אָפּגאַנג און ווידער־געבורט —
זיינט איר ריינע קנויטן, זיינט איר גאָלדענע פלאַמען
פון מאָרגן.

ווי דעכער, ווי בוימער, ווי שויבן
און ווי שטיינדלעך אַף דר'ערד
זיצט עטל אַף שוועל
מיטן זילבערנעם חלום צוגאָסן.

עס רוט איצט די שטאָט אין די אָרעמס
פון רויטן העלד.
צעטריבן דער שרעק פאַר די ווייסע
פאַרבלוטיקטע פינגער.

נאָר הונגער, וואָס האָט זיך צעוואַקסן
דורך פייער און רויב,
שטעמפּלט מיט טויט איבער אויגן,
וואָס לייכטן מיט האָפן.

אין גאָלדענע טעג
טראָגט מען זילבערנע זאנגען צו דער ערד,
זילבערנע זאנגען,
פון פינצטערן שניטער פאַרשניטן.

נאָר איצטער איז רו.
פון גאסן גייט אויף א געזאַנג.
געאָרעמטע יוגנט,
מיט לידער פון מוט און פון קאַמף.

עטל זינגט־נאָך ווי אַן עכאָ
די לעצטע אַקאָרדן,
וואָס וועבן זיך אריין
אין די ווייסע אוקראַינישע נעכט.

— — — — — — — — — — — — — —

און הינטערן שוועל
שטייט דאָרט איר פינצטערער קאַמער,
א שוואַרצעס, צעעפנטעס מויל.

ס'האָט עמעצער אנדערש פאַרנומען
איר הארטן געלעגער
און וויינט זיך דאָרט אויס
אַף איר יונגער צעבראָכענער האַרץ.

זי חלום'ט פון צער, און עטל —
פון ליכטיקע וועגן
דורך חרוב'ער וועלט,
וואָס האָט שוין איר צייט אָפּגעשפּילט.

דערגיין צו א שוועל,
וואָס פירט צו א ליכטיקן מאָרגן;
דערגיין צו א וועלט,
גערייניקט דורך אלעמענס זיג.

## דעניקינצעס

עטל קוקט ווי דער גאָלדענער חלום צערינט
אונטער פערדישע טריט
פון דעניקינ׳ס סאָלדאטן.

דער מאָרגן איז גרוי
ציטערדיק־דין,
און ליגט איבער שויבן
מיט אומעט פארגאָסן.

נאָר דאמען און הערן,
מיט ברויט און מיט זאַלץ,
מיט בלומען אין ווייסע הענט,
דעם בלוטיקן יום־טוב אנטקעגן.

אנטקעגן די פערד מיט די רייטער,
אנטקעגן די שווערדן פאר אייגענע גלידער,
אנטקעגן דעם טויט,
שפּרינגט מען, מען לאכט
מיט זאַלץ און מיט ברויט.

און ביז דער טאָג האָט זיך געעקט —
א גרויע טרער
וואָס האָט אראָפּגעטריפט פון הימל —
איז די שטאָט פון ליכטיקער אוקראינע
שוין געווען א בלוטיקע ארענע.

דאָ און דאָרט — געהאנגענע אף בוימער,
דאָ און דאָרט — גע׳הרג׳עטע בא טירן.
רויב, און פערד־געלויף, בלויזע שווערדן,
מיט אויסגעשריי —
„ראטעוועט דאָס לאנד פון אידן!״

און טעג — גאָלדענע שיפן מיט שווארצן טויט.
אף א בערגעלע מיסט,
הינטער א טויער, גוסס׳ט א קינד.
און אויבן ליגט א געקוילעטע טויב — די זון,
וואָס גייט אויס אין איר בלוט.

און עטל זעט —
דאָס פּנימ'ל פון קינד ווערט בלייך,
די אויגן אויפגעעפנט, שוואַרץ,
א דינער טרויער אפן קליינעם מויל,
א שטרייפעלע פון בלוט
וואָס רירט זיך צו
צו עטל'ס האַרץ, צו עטל'ס פויסט.

# געבורט

א ליכטל האָט געברענט, געל און קליין,
און ווינגנדיקע שאָטנס איבער אַלץ צעשפּרייט:
אַף ווענט מיט שמוציקן פּאַפּיר,
אַף גרויער קאָלדרע — שויבן צוגעדעקט.
אַף ליידיק טישל מיט א שטול.
אין בעט — א פיבערדיקע פרוי.

אין א קאַמערל געשלאָפן האָבן קינדער,
געוואָרפן זיך, פון שלאָף געוויינט.
בלייך, פארהונגערטע געזיכטער,
די שטערנס איינגעקארבט,
אַף באַקן א פארגליווערטער געוויין.

עטל קוקט, די אויגן פון דער קראַנקער גלאַנצן,
דאָס פּנים קראַמפּט,
די ליפּן מורמלען עפּעס: „העלף!״
זי דעקט זיך אָפּ.
איר קערפּער ליגט מיט שווארצן בלוט פארגאָסן
און אין דעם בלוט א קערפּערל
אין פאָרם פון א קינד.

די נאכט איז לאַנג . . .
עס ווערט די קראַנקע שטילער.
אַף גאַסן הערשט די שווערד,
דער ביקס, דער טויט.
פּלוצלינג — שווערע טריט,
א קלאַפּן איבער שטיינער,
א געשריי, א שאָס —
און טויט, און ווידער שטיל.

# נאכט אין נאכט

נאכט־אין־נאכט, דאָס גלייכע שפּיל.
די גרויסע שטאָט — א פארזונקען שיף.
א טיפער הימל, א שטילער ים.
א בלוטנדיקע קנויל, ליגט די לבנה.

ווייטער — אָטעמט נאָר די לופט . . .
איבער דעכער וויגן זיך ארום
געשטאלטן פון געהאנגענע.

מען פליסטערט נאָר:
מען שרעקט זיך פאר לבנה־שיין,
פאר יעדן טראָט פון זיך אליין.

דורך פענצטערל פון דאך
האַלט עטל וואך.
די גאס ליגט ווי א גרויע בייטש.

נאָר ווײלעוויז א רעדערן אף שטיין,
א שכור'ער געבריל —
דעניקינ'ס אָפּיצער, מיט קרבן לעבן זיך.

אין א זייט פון גאס וואקסן אויס
שאָטנס, וועלכע רוקן זיך געבויגן.
די שאָטנס האָבן קרומע פיס,
שווערד און ביקס,
און ציען זיך באם וואנט ווי שלאנגען.

נאָר שווער פון הויף איז אָט דער טויער,
פון שטארקן אייזן שטייט ער אויפגעבויט,
הויך אין לופטן, מיט שטעכעדיקע שפּיצן —
א שלאָס, פון אינווייניק געשלאָסן.

עס קלאפּט איצט עמעצער אין טויער אָן.
און עטל קריכט דורך פינצטערניש אראָפּ.
אין הויף איז שטיל, נאָר אומרו, אומרו, אומרו.
פרויען, מיט די קינדערלעך אין שוים —
און שא, עס רירט זיך קיינער ניט פון אָרט.

באם טויער בעט זיך אזא איידל קול:
„אביסל וואסער נאָר, זייט נאָר אזוי גוט . . .
איך וויים, איר זיינט דאָ אלע וואך,
און איך באשיץ פאר אייך די שטאָט . . .” — און שא . . .

באם טויער רופט מען מיט א ווילדן כעס:
„עפנט אויף! איך שים אייך אלע דאָ!”
און עפעס פון א הויז טראָגט עמעצער ארויס
א וואסער־קרוג.

באם טויער שטייט ער שרעקעוודיק,
גיסט וואסער אין א גלאָז
און לייגט זיין האנט ארויף דעם שלאָס.

און ווי פון דר'ערד די באנדע שטייט געגרייט.
מיט הענט און פיס
מען ברעכט דעם שלאָס
מיט ווילד געשריי:
„איר הינט! שיינע פרויען האלט איר דאָ!”

און דורך דער שטילער נאכט
צעטראָגט זיך אזא מורא'דיק געוואלד
פון הויף צו הויף, פון גאס צו גאס —
עס שרייט די גאנצע שטאָט
מיט קלעפ פון ביקס, מיט נאָענטקייט פון פרוי.

און ווען די לופט שניידט דורך א בלאסער שיין
ליגן זייט־בא־זייט, פארגאָסענע אין בלוט,
א מוטער מיט איר זון.

## אויף דער וועראַנדע

ווי שיין רייד זאָלן ניט זיין,
איז אַלץ אַ שיינע נשמה שענער,
ווייל נאָר די ליבע פון מענטש צו מענטש
דערהויבט אַ וועלט צו דער העכסטער הויך,
אַ ליכטיקער פאַקל איבער אָפּגרונטן שוואַרצע.

אַ מתנה מיין פריינט דעם
דיכטער וולאַדימיר קראַסני

ווייטער איז געווען שטיל.
די גרויסע גלעזערנע וועראַנדע,
אַ פאַרגאָסענע מיט ליכט,
האָט מיט פרישן ברויט געשמעקט,
קאַרטאָפעלעך און פלייש.

באַם פענצטער איז געשטאַנען עטל,
מיד, בלייך, און צוגעקוקט,
ווי קליינע שייבעלעך פון גרין און רויט
וואַרפן שאָטנס אויפן דיל —
פאַרביקע טייבעלעך שפּילן זיך.

פּאַוואָליע האָט זיך אויפגעמאַכט די טיר,
אַ שוואַכער דינער קול
האָט דורכגעוועבט די לופט:
„גיט מיר נאָר אַ שטיקל ברויט,
איך האָב שוין ניט געגעסן טעג.”

זי האָט געוויינט,
זיך ניט פון טיר גערירט;
אַזוי דאַר און קליין,
אַ ניט־דערוואַקסן קינד.

אין אַ וויגנדיקער שטול
האָט גערוט אַ בכבוד'יקער איד,
בייז געקוקט און געברומט:
„אייער רעוואָלוציע!”

די רייכקייטן פון הויז
האָבן זיך געגרויסט

אנטקעגן ליכטיקייט פון גאס.
נאָר פינצטער איז געלעגן עטל'ס קאמערל,
שטענדיק פול מיט נאכט.

„גיט מיר נאָר א שטיקל ברויט!"
אין עטל'ען האָט געעכאָט אָט די רייד.
עס האָט געבענקט נאָך דעם איר יעדעס גליד,
אין דעם ציטערן פון אירע קני,
אין קראמפן פון איר לייב.

נאָר ניט געעפנט האָט זיך איצט איר מויל.
זיי האָבןביידע זיך באטראכט —
צוויי היימלאָזע,
מיט האס צום רייכן הויז.

עס איז אריין א פעטע פרוי,
מיט א טיכעלע זיך אָפגעווישט
דאָס קייענדיקע מויל
און א דערשראָקענע געקוקט
אף א שטיקל ברויט פון טיש
וואָס האָט דערציילט, אז דאָ אין הויז
איז ברויט נאָך מער פאראן.

פיר פאָר אויגן האָבן זיך געוואָרפן אפן ברויט.
וועמען וועט זיין באשערט דאָס גליק?
עס מאכט די פעטע פרוי א טריט —
פאר עטל'ס אויגן שווינדלט, פינצטערניש;
דער מיידל קרימט זיך איין דאָס מויל.

נאכט־אין־נאכט ליגט עטל וואך
און שמעקט דעם ריח
פון עסן, צוגעגרייט אין פארבאָרגנקייט.
נאָר פאר איר ציען זיך די טעג,
הונגער־קראנק און האָפנונגסלאָז.

עס האָט געפלאצט איר שטומער וויי,
מיט פראָטעסט האָט אויסגעפלאמט
איר יעדעס גליד:
פראָטעסט צום אייגן שטומעניש.
און גיך מיט פיבערדיקער האסט
האָט איר האנט דערגרייכט דאָס ברויט.

אין שטוב האָט זיך צעשפּרייט דאָס ברומעניש
פון דעם בכבוד'יקן אידן:
„פרייהייט האָט זיך זיי געוואָלט,
די רויטע שלעק!
א שונא אין מיין הויז . . .״
האָט זיך די רייכע פרוי צעלאָזט,
און הויך האָט זיך צעוויינט
דאָס מיידל לעבן טיר.

צוויי פּאָר וויינענדיקע אויגן, שטום און שטיל;
צוויי פּאָר אומרואיקע אויגן, מיט צאָרן אָנגעפילט.
אויסגעשטרעקט האָט עטל מיד איר האנט,
דער וויינענדיקער מיידעלע דאָס שטיקל ברויט
דערלאנגט.

פון רויט און גרינע שייבעלעך
די שאָטנס אפן דיל
האָבן זיך געצאפּלט אין פארגיין.
נאָר עפּעס פון דער ווייט,
פון אלע עקן וועלט,
האָט עטל איצט דערהערט איר אייגן קול:
„ארונטער מיט די זאטע פּאראזיטן!
פרייהייט גאָלדענע, געבענטשטע, קום!״

ווייטער איז געבליבן שטיל . . .
נאָר לעבן עטל'ען אפן דיל
האָט דאָס מיידעלע געוויינט
מיטן שטיקל ברויט אין האנט.

# עטל׳ס טאָג בוך

אין ווינקל פון א שטאָטישן וואָקזאל
זיץ איך וואך.
דער שטיינערדיקער דיל איז פול.
פון רעק און פעק צאפּלט מען,
יאָמערט ווער, זיפצט מען דאָרט.
בא די קליינע געלע ליכט אין דער הויך
זעען זיך ארויס פּנים׳ער מיט בלוט,
פארבונדענע די קעפּ, א האנט, א פוס.
א ברומעריי פון היץ.
אויגן גליענדיקע, קוקן סתם אזוי
פארשטייען ניט.
דאָ און דאָרט א שפּיציק געלער נאָז,
אן אויפגעמאכטער מויל,
וואָס רירן זיך ניט מער.
און ווייטער איז ניטאָ קיין שטיקל ליידיק דיל.

# אין באן

ווי א ריזיקע חיה שאַרט זי זיך, די באַן,
פאַמעלעך, הוסטנדיק.
איך הער ווי אירע שווערע טריט
שאַרן זיך אַף וועגן,
ווי עס וואָלט איר שווער געווען צו טראָגן
איר גרויס און שוואַנגערנדיק לייב
איבער אירע קליינע אייזערנע פיסלעך.
און בא דער אויפגערוקטער טיר
גליטשט זיך מיט
א וואַלד, פון הימל טונקעלן באַפאַלן —
וואו־ניט־וואו א וואָלקנדל, א שטערנדל,
וואָס זוכן נייע וועגן.

און איך, וואָס האָב א דינע, ביינעוודיקע לייב,
מיט שוואַכע, הונגעריקע גלידער,
בענקשאַפטן און טויזנטער חלומות,
פיס, וואָס שפּרייזן איבער גרענעצן און וועגן,
א יוגנט, וועלכע בליט אין נויט און הונגער —
זיץ דאָ אַף מיין פּעקעלע זיך שטיל
און אין האַרצן וויינט דער צער.
עס האָט אַן אייביקייט זיך אַף דער נאַכט
פאַרלייגט.
און ווײ־געשרייען פון מיין אייגן שטאַם
קומען
פון די נעענטערע און ווייטערע וואַגאָנען,
פליען, פאַלן דורך דער לופט
ברעכן זיך אַף ערד, אַף שטיין, אַף בוימער
און ווערן פון די ווייטקייטן פאַרשטומט,
מיט פינצטערניש אַף אייביק צוגעדעקט.

און סטאַנציעלעך, ווי קעלבער מיט פאַרמאַכטע אויגן,
ברענגט דער וועג צוטראָגן
און רוקט זיך הינטערווייַלעך אַף צוריק.
און די נאַכט — א קנויל וואָס וויקלט זיך
און וויקלט זיך ניט אויס.

---

נאָר ווי עס וואָלט די נאַכט זיך דורכגעריסן
און א שיין אַף טאָג וואָלט זיך באַוויזן:

עמעצענס א קול האָט אויפגעבליט —
רייד, וואָס שטראָפן, בעטן, מאָנען
גערעכטיקייט.
„וויפיל איז דער שיר פאר רויב און פאר פאָגראָמען?
צי וועט דען אויסלאַנד ניט דערוויסן זיך?"
עס רעדט א מויל, א מענטש אין אוניפאָרם;
זיין פנים מיט דער נאכט איז צוגעדעקט.
קאָזאקן בלייבן מיט דעם רויב אין הענט,
קוקן צו דער טיר דערשראָקן.
און ווידער בלייבט עס שטיל . . .
דער הימל לויטערט זיך און לויטערט זיך.
די טונקלקייט פון וואלד צערינט
לאנגזאם, לאנגזאם,
ווי א רויך צעשווימט . . .
די באן בלייבט שטיין —
סטאנציע טאגענראָג —
מיט ענגלישע סאָלדאטן פול,
וואָס עפּעסווארטן זיי. אף וואָס?

עמעצער באפעלט —
קאָזאקן שפּרינגען אָפּ,
וואגאָנען בלייבן פוסט:
מען זוכט דעם אגיטאטאָר,
דעם קאָמוניסט . . .

# די זון גייט אויף

די בלויע דעמערונג ווינט זיך מיט דער באַן.
די דעמערונג צעגייט אין העלער שיין.
פון ווייטנס ווייזט זיך שוין די רויטע קאָפּ
פון אויפגייענדיקער זון.
וועלדער בייטן זיך אַף ברייטע פעלדער,
ווייטנס וואַכן אויף מיט קליינע דערפלעך,
געלע און בלויע בלימעלעך קוקן נאָך
פון האַלב־פאַרוועלקטן גראָז.
קריג און פרידן אפן שוים פון דער ערד —
עס טוליעט זיך צו איר א מידע וועלט.

# רויטע זיגן

דער רויטער ווייזער אפֿן ציפערבלאַט פֿון דער ערד
איז אין לייכטן גאַנג אוועק,
און קלאַפּ נאָך קלאַפּ ראַמט ער ווייסן סם.
די קלעפּ האָבן אַף גאָרער וועלט צעקלונגען —
פֿון איין זייט וואַקסט די פֿרייד
און כעס פֿון דער צווייטער זייט.

עס סוד'עט זיך דער דאָן מיט שטאָט.
האָפֿענונג, וואָס קומט אָן פֿון די וועגן —
טויבן מיט א גאָלדן בלאַט אין מויל.
לייכטן אויף אומעטיקע אויגן,
אָטעמט אויף א שווער געדריקטעם האַרץ.
— — — — — — — — — — — — — — —
און איבער האָפֿענונג — דערוואַרטונגען און פֿריידן.
שמידט די רייכע האַנט איר טויטנדיקע שווערד.
צוזאַמען מיטן האַרבסט, מיט פֿרעסט און שנייען,
שפּינען זיי דעם הונגער אַף דער שטאָט.

אָרעמע קוואַרטאַלן בלייכן.
קעלט און הונגער — דורכן ספּעקולאַנט.
וואַכן רייכע איבער פֿולע קעלערס,
שמייכלען־צו פֿאַרבאָרגן, מעפּיסטאָפעלדיק.

נאָר אַף דעם ציפערבלאַט
פֿון רוסלאַנד'ס ערד פֿאַרשקלאַפּטער
נעענטערט זיך דער רוף —
פֿאַר פֿרייהייט, ליכט און גליק.
איבער גאַסן צעוואַרעמען דעם פֿראָסט דעם שאַרפֿן
די טריט פֿון רויט־אַרמייאיש זיג.

רויטע זונען, פֿלאַטערנדיקע פֿאָנען
רויטע לידער, אויפֿגייענדיקע וועלט!
אַף שלאַנקע פֿערד, מיט ברייטע פֿאַלערינעס,
וויגן זיך די זין פֿון אַלע עקן לאַנד.

גאַסן פֿול, יום־טוב'דיק דער הימל —
ווער עס ליבט די פֿרייהייט, זינגט!
עס זינגט דער שניי,
עס זינגען זין און טעכטער,
עס זינגען ווייטנס, ברייטקייטן,
עס זינגט דאָס ליכט די פֿרייהייטס ליד.

# די גרויסע צייט

א מתנה מיין פריינט,
דער דיכטערן מירל שאטאן

די גרויסע צייט האָט געבאָרן גבורים.
וואכט עטל פאר זיי, אף דער פליצע א ביקס.
שטיל ליגט די וועלט, עס שלאָפן די מידע,
געוועֶר בא דער זייט און מיט חלום פון גליק.

גאסן פארדרימלטע ווינקען צו שטערן.
וואו־ניט־וואו וואכט פון א פענצטער א ליכט.
שטייט עטל זיך פריילעך באם אייזערנעם טויער
און שמייכלט צו גאסן, צו הימלען, צו זיך.

א טונקעלע קליידל, א ראָק פון ארמייער,
סערפּ און האמער און שטערנדל רויט.
גיט זי צושטייער און וואכט פאר דער פרייהייט —
עס זאָל ניט א שונא צעשטערן דעם טרוים.

עס שלאָפן די מידע, וואָס בויען די וועלט
פאר גליקלעכע דורות, א לעבן פון ליכט.
לאכט עטל באם טויער צום גאָלדענעם חלום —
די צייט האָט געבאָרן גבורים פון גליק.

— — — — — — — — — — — — — — —

דער ווייסער דאָן זינגט זיך אין זיין טיף.
בא זיינע ברעגן וואכט דער רויטער העלד.
נאָר גרוסן פליען, גרוסן פייערדיקע,
בייטן זיך מיט קעפּ, מיט אויגן, הענט און פיס.

און אָפּט פליט צו א גרוס צו שטילע גאסן
און שלעפּט מיט זיך א דאך, א וואנט, א מענטש,
נאָר קיינמאָל וועט א שונא ניט באקומען
א רויטע שטאָט, א שפּאן פון רויטער ערד

— — — — — — — — — — — — — — —

א גרויסער גליק, אין גרויסער שעה,
פון גרויסן מענטש —
די זון גייט אויף, א פרילינג שפּראָצט,
איבער דער פרייער ערד!

עס גרינט דער בוים, עס בליט דאָס פעלד,
עס זינגט די צייט —
פון פרייע הענט, צו בויען פריי
א פרייע וועלט.

# ספּעקולאַציע

אַזאַ טאָג האָט היינט זיך אויפגעהויבן.
אַ בלייכער האָט ער זיך צעצויגן
אויף דער שטאָט.
רייבע קלייטן ליגן אויסגעליידיקט,
אין קעלערן פאַרבאָרגן,
באַוואַכט פון באַלעבאָס.

אין די טירן, הויפן און בײַ שוועלן
קלייבן פרומע פנים'ער די דורכגייער אין גאַס.
אַ פרישן ברויטל? אַ בולקעלע? אַ חלה?
קאַפע? צוקער? וואָס?
געלט? גאָלד?

עס ווייסן קויפערס וואו צו גיין
און ווי צו האַנדלען,
אָפּנאַרן די אָרעמע,
פאַרשאַכערן דעם זיג . . .
שפּינט זיך אָט אַזוי אַ גרויליק נעץ פון הונגער.
פלעכט דער הונגער שוין אַליין די נעץ פון טויט.

# אף די גאסן

שפּאנט זי, עטל, איבער מידע גאסן.
דרעמלען איין חלומות בא איר גאנג.
דער קאָפּ איז שווער, עס האמערן די שלייפן.
עס ציטערן פון קעלט די ציינער אין איר מויל.

נאקעט טוליען זיך די פיס אין שיכלעך
באפרייטע פון דעם לעצטן שטיקל זויל.
וויינט זי אף דעם זויל וואָס ליגט אין גאס
און ווערט צעטראָטן פון גייענדיקע פיס.

א שטיוול־פּוצער אף זיין קליינעם בענקל
זינגט אן אומעטיק ארמעניש ליד.
ער שפּרייט די הענט און גלאָצט די אויגן
קוקנדיק אף עטל׳ס וויסטע שיך.

ערגעץ פון א פענצטער קומט מוזיק,
א פידל האָט א מענטשלעך שפּראך געפונען.
שפּילט דאָס פידל פון א בלוטיק שלאכט,
פון א שטארבנדיקן חבר פון זיין קלאס.

דאכט זיך איר — דער שטארבנדיקער העלד
קוקט צו איר מיט שמייכלענדיקע —אויגן:
וועסט האָבן שיך, א היים, ליכטיקייט און פרייד!
עך, ס׳איז גוט פאר פרייהייט קעמפן . . .
פאר פרייהייט שטארבן . . .

האָט עמעצער געוויינט אינמיטן גאס?
מענטשן קומען, קוקן, שמייכלען, וויינען.
פארשטומט האָט דאָס ארמענישע געזאנג,
דאָס פידל האָט פארבלאָנדזשעט זיך אין טומל.

נאָר עמעצענס מאָזאָליעדיקע האנט
פירט זי, עטלען, צו א שוסטער־קלייטל.
ליגן אירע פיס אין קאָלדרעס איינגעדעקט,
אף אירע שיך קלאפט מען נייע זוילן.

טרייסט ער זי: עס קומט א שיינע צייט.
דאָס ערגסטע, שמייכלט ער, איז שוין פארגאנגען.
עס וועלן אונזערע איצט נעמען אין די הענט
און — ס׳וועט זיין אלץ: קליידער, שפּייז און פריידן.

ווי א קינד, דערציילט מען איר דאָרט מעשיות,
וועלכע זאפּן זיך אריין אין מידן מוח.
שמייכלט זי מיט האלב־פּארמאכטע אויגן —
גאנצע שיך — און ציטערט דאָך פון קעלט.

# פרייהייט

דאָס נייע לעבן זשומט נאָך אין די ווינדעלעך,
נאָר איבער איר קלאָרט די דעמערונג.
די מוטער, וועלכע האָט זי אויסגעטראָגן,
ליגט נאָך מיט די בלוט־וואונדן באדעקט.

עס איז די פרייד פון לעבן וועלכע לעבט!
דאָס נייע קינד, די אייביק ליכט פון פרייהייט!
עס אָטעמט מיט געזונטן, פעסטן זיין.
ס'וועט וואקסן פאר איר ס'לאנד, וואָס איז איר איבער׳געבן.

און לאנגזאם גייט איר לעבן צו דער וועלט.
די פרייד אף גאסן, הייזער און פאבריקן.
זי איז אומעטום! זי איז איבער בוי פון וועלט;
זי איז — לענדער, פעלקער, נאציאָנען, ראסן.

עטל זינגט צוזאמען מיט דער צייט
די צייט וואָס האָט צו זיך ניט קיין פארגלייך.
גאָלד אף גרין, און איבער אלצדינג — רויט,
רויט, וואָס שפרייט זיך העכער, ווייטער, ברייטער.

עטל זינגט צוזאמען מיט דער צייט —
און מענטשן שטראָמען, זוניקע, געזונטע.
דאָס גרויסע לאנד, מיט גלייכער פרייד פארטיילט.
עס וואקסט די ליבע, טרוימען און פארלאנגען . . .

# קראנק

פון הימל רינט ארויס דאָס לעצטע ביסל טאָג.
דער קאַמער, אָנגעפּילט מיט גרויען בלוי פאַרנאַכט,
חלומ'ט שרעקנדיק, ווי עטל'ס מידע אויגן.
איר אָטעם יאָגט זיך — א פאַרפּאָלגטער הירש.
איר דינע קלייד ליגט צוגעקלעפּט צום לייב.
געשוואָלענע גע'דערים שטופּן זיך צום האַרץ.

דער ווייטיק נאָגט.
מידע פינצטערקייט הויבט זי אָן פאַרוויגן.
זי הערט די לעצטע טריט פאַרגיין . . .
א זייגער טיקעט.
זי צאַפּלט זיך, די אויגן אויפגעריסן.
נאָר ניט שטאַרבן . . . שרייען קאָן זי ניט.
זי וויינט . . .

די נאַכט איז צוגעפאַלן.
א בלייכע גאַסן־ליכט האָט זיך אָנגעצונדן
און האָט געקוקט, ווי עטל פאַלט פון בעט,
הויבט זיך אויף און פאַלט צוריק אנידער,
קריכט אף אַלע פיר די שוועל אריבער,
אין קאַלטע וואַסער קילט זי זיך.

עס ציט איר צו דער גאַס.
עס שרעקט איר איצט דאָס הויז וואָס איז פאַרלאָזן,
דער זייגער, וועלכער שלעפערט איין מיט זיין טיק־טאַק.
די וועלט איז שטיל.
דער שטיינערנער באַלקאָן איז קאַלט.
זי ליגט זיך אין איר נאַסער קלייד אף דר'ערד.
די היץ פאַרגייט.

עס נעמט זי אום א קעלט.
שטערן קוקן צו איר מילד,
ווי אויגעלעך פון קינד.
זי שמייכלט נאָר, און עפּעס גייט זי וואו . . .
נאָר שווער די טריט, זי שפּאַרט זיך צו
און מאַכט פּאַוואָליע צו די אויגן . . .

און פּלוצלינג רייסט מען זי,
געשרייען לאָזן זי ניט רוען.

זי מאכט די אויגן אויף:
בלויע מאָרגן־ליכט אין קאמער
און לעבן איר — שמייכלענדיקע, וויינענדיקע אויגן.
מען האָט זי אפן גאס געפונען ליגן.

# אָפּשייד

רוסישע סטעפּעס, אומענדלעכעווייטן —
עס קייקלט די זון זיך — אַ גאָלדענער רייפל,
אַ גאָלדענער רייף, מיט ליכטיקן פייער.
עס אָטעמט דאָס פעלד מיט זיין זאַפטיקן נעפּל.

רוסישע סטעפּעס, עכאָס פון פעלקער.
פון הונדערטער יאָרן ליידן און פריידן.
עס שטייט בא דעם ברעג דאָ פון ליטע אַ מיידל
און זינגט צו אייך לידער פון אייער באַפרייאונג.

עטל, דאָס מיידל פון ליטווישער שטעטל,
פון אומעטיקע פעלדער, פון איינזאַמע וועגן,
אַ היים, וואו די גריל שטעלט זיך איין פאַרן ווינטער,
אַ חלום, וואָס שפּרייט זיך אין שיין פון אַ לעמפּל.

זי זעט איצט דאָס שטעטל מיט געסעלעך שמאָלע,
צוגראָבענע וועגן, מיט בלאָטע פאַרפולט.
זי וואַנדערט אַרום אין הילצערנע פאַנטאָפּל,
די נאַכט איז אַ קאַלטע, און זי איז אַ קינד.

זי ווייסט יעדעס הייזל, און שטעלט זיך אָפּ פּלוצלינג;
בא אַ פענצטערל וויגט זיך אַ פלעמל פון ליכט.
זי הערט צו אַ ניגון, אַן אומעטיק ניגון,
וואָס טראָגט זיך צוזאַמען מיט סקריפּען פון וויג.

עטל דערפילט, ווי עס וועבט זיך אין ניגון
די פינצטערע נאַכט און דער אָרעמער קרעכץ.
עס טוליעט דער הימל די הייזעלעך קליינע.
די נאַכט איז אַ קאַלטע, און זי איז אַ קינד.

רוסישע סטעפּעס, אומענדלעכע ווייטן!
עס קייקלט די זון זיך — אַ גאָלדענער רייפל,
אַ גאָלדענער רייף, מיט ליכטיקן פייער.
עס אָטעמט דער סטעפּ איצט, אַ ברייטער, אַ פרייער.

# צוריק אַהיים - 1923

## לעבן מיינס

לעבן מיינס,
דאָ האָסטו די אויגן מיר געעפנט,
די בלויע פארב מיט ליכט פון זען דערקלאָרט
און ווי א קוואל מיט פרישן, קלאָרן וואסער
אין לייב מיינעם דורך הייסן בלוט געשטראָמט.
דו האָסט געלערנט מיך פארשטיין די שפּראך פון ליידן,
די וועלט וואָס איז פאר מיר געווען געגרייט.
דו האָסט אויך, לעבן מיינס, חלומות מיר געשאפן
צו קענען העכער זיך פארטראָגן פון מיין צייט.
דו האָסט אין מיר די ליבע איינגעוואָרצלט
צו אלץ וואָס איז פאראן ארום מיין וועלט
און אויפגעוועקט אין מיר אי צער, אי פריידן
צום בלויען הויך, צו מאמעס זיפץ,
צו אלץ וואָס וועלקט, צו אלץ וואָס בליט.

# איך געדענק

איך געדענק, אַ פּאַרנאַכט האָט געגנידערט זיך אין שטעטל
אַף שניי און ווינט, אַף שבת'דיקער רו.
דאָס שטיבעלע מיט אייז־בלומען אַף שויבן
ליגט פאַרזונקען אין אַן אומעטיקן זשום.
אַפן טיש די שבת'דיקע טישטוך,
ווי אַ בעלמע אַף אַ גרויער אויג.
אַן אומרואיקער פּאַלט דער ווינט אַף פענצטער
און ציט זיך מיט אַן אומעטיקן ניגון אויס.

די אויוון־וואַנט גליווערט, זאָגט די מאַמע,
און גיט אַ זיפץ. ניטאָ שוין מער קיין האָלץ.
די וואָך קומט אָן, דער שבת איז פאַרגאַנגען.
קיין ברויט, קיין שוך, קיין דירה־געלט באַצאָלט.
אין שטיבל קוקט אַן אָפן טיר צו דער קיך.
עס דאַכט זיך אויס — אַ גרויסער שוואַרצער פלעק.
אין דרויסן הערן זיך שוין סקריפּענדיקע טריט.
באַם ברונים האָט זיך עמעצער באַוועגט,
און ווי אַן אָנזאָג אַף אַ נייער וואָך,
צום פענצטער די לאַמטערן אויפגעהויבן.

אין שטיבל ווערן שאָטנס אויסגעשפּרייט,
ווי ווערים קריכן זיי איינער אַפן צווייטן.
פאַרגליווערטע טוליעט אונז די מאַמע
און מורמלט עפּעס־וואָס צו זיך אליין:
„עס עפנט זיך דער טויער פון גיהנם,
נאָר האַלטן שבת איז ניטאָ מיט וואָס.”

אין דער פינצטער שלייכט זי אירע טריט
און זינגט איר אומעט אין איר „גאָט פון אברהם”.
אַ שטילער וואַרט דער טאַטע באַ דער טיר,
זיין הויך געשטאַלט אין שוואַרצקייט איינגעראַמט.

עס ברענט א ליכט, דאָס פלעמל ציט זיך אויס,
ציטערט, פלאַטערט א גליענדיקע הארץ,
אין שטומען טרייסט קוקט זי יעדן אָן
און גלעט א טרער פון מאמע׳ס באק אראָפּ.

דעם טאטנ׳ס פנים אומעטיק, פארזאָרגט.
די קינדער׳ס אומעטיקע אויגן.
אָ, איך געדענק נאָך היינט דעם טיפן צער,
וואָס אין מיר איז דעמאָלט וואך געוואָרן.

# דעם טאטנ׳ס געזאנג

די שטוב איז אָנגעפילט מיט א צארטן גרוי.
אין אלטן שפיגל קוקט אריין א פענצטער,
א שטיק פון קייט, דער ברונים מיטן עמער,
און פליגעלעך וואָס גרייטן זיך צו רו.

אין קוימען ברענט עס מיט א העלן פלאם.
דער מאמע׳ס פנים קוקט אויף דעם
די אויגן, ווי אין חלום, זעען וואָס —
א ווייטע שיין, א האָפענונג וואָס נעענטערט.

און לייכטער, טיפער קייקלט זיך דער אָוונט
און וועבט אף אלץ דעם מוסטער פון גארדין.
א וואסערל, א באשאָטנטער מיט צווייגן,
א מעשה׳לע פון גאָלדן לאנד פאר קינד.

אין דער רו באוועגט זיך נאָר דער טאטע.
אין פענצטער קוקט ער ערגעץ־וואו, און זינגט
א ליד — פון ראָזנפעלד, די ארבעט בא מאשינען.
זיין אייגן לעבן זינגט ער אויס אין איר.

די אויגן מיינע קוקן האלב־געעפנט.
די קוקלע ליגט פארגעסן אין מיין שויס.
דעם ערשטן מאָל איך כאפ דעם ניגון אויף
און, ווי אן אָפקלאנג, עס זינגט צוריק אין מיר

מיט גאָלד פון זון, פון לופט די בלוי,
מיט צארטער פארב פון אלץ וואָס בליט,
מיט ווארעמקייט פון שטיין און ערד,
מיט פרישן דופט פון וואלד און פעלד.

צי דרעמל איך? צי בין וואך?
עס וואקסט א ריזיקע געשטאלט:
אין רויטער בלוזע, א גאָלדן שנור,
און אויגן טיף און קלאָר מיט ליכט.

ער בויגט זיך צו און גיט א קוש
מיין מויל, וואָס איז צעעפנט, שטיל.
איך קוק אים אָן. ווער ביסטו?
ער ענטפערט — „גאָט". פארשווינדט צוריק.

עס זינגט אין מיר. איך וואקס און גיי
דורך ברענענדיקער וועלט צו וועלט.
מיין לעבן זינגט דעם טאטנ'ס ליד,
און, ווי דאָס ליד, מיין יוגנט פּלייצט.

עס זינגט א גרויסע נייע צייט.
און אוף א זעקסטל פון דער ערד
דאָרט וואקסט די ריזיקע געשטאלט —
אין רויטער פארב מיט ליכט באשטראלט.

# מעמעל

אַט איז די בערזען־בריק, די ליבויער שטראַסע.
די אידישע נעמען אין דייטש אויף די פענצטער.
דאָס וואַרן־הויז וואַלער, די פלעצער, די שטראַסן,
די מערק, אָנגעשטעלט מיט ליטווינישע פורן.
דער זעלביקער ניגון טראָגט זיך אין לופט.
ליטווישער הענדלער מיט גרינסן און פרוכט
רופט אויס די סחורה מיט תהילים־געזאַנגען
און שמייכלט זיך סתם, צום הימל, צו גאַסן.

די פרייסקעס מיט שירצן, און טיכלעך אויף די קעפּ,
א קערבל אין האַנט, און א קליידל א ברייטס,
מישן זיך מיט ליטווישע ווייבער צעניוף.
די רעדן האַלב־אידיש, די רעדן האַלב־דייטש.
מעמעל, דאָס חלום פון ליטווישע שטעטלעך,
א קלייד, א פּאָר שיך, א הוט, א פּאָר זאָקן —
מען ווייסט די געשעפטן, די מאָדעס די נייע.
און בחורים, מיידלעך — מען טרעפט זיך, פאַרברענגט.

דאָ וואוינט מיין טאַנטע, מיין טאַנטע יהודית —
אזוי פיל דערמאָנונגען וועקט זי אין מיר!
דער וואונדערלעך אינזל „רוס", אין אָסט־פּרייסן,
מיט אייביקן זינגען פון וואַסער ארום.
דער וועג, די טרעפּלעך וואָס פירן צו הייזער.
יעדערענס הויז ליגט אין בלומען באַקראַנצט.
ווייטער איז שטיל, נאָר הונדערטער פייגעלעך
זינגען און שפרינגען פון מאָרגן ביז נאַכט.

דער גאָלדענער זומער, וואָס פלעגט זיך דאָרט שפּרייטן,
די יונגע באַגינענס, פאַרצויגן מיט טוי —
נאָר אייביק האָט דאָרטן געאָטעמט, געסאָפּעט
דאָס זעגן פון ברעטער אין געהילץ־זאַוואָד.
אָ, טאַנטע יהודית, דו קוקסט מיט אן אומעט,
די יאָרן פאַרגאַנגענע קומען ניט מער.
עס האָט אויף דיין פּנים זיך קנייטשן פאַרצויגן.
פון מיר האָבן אויך וואָס די יאָרן געריבט.

# אהיים

מיין מאמע האָט באַם שוועל מיך ווײנענדיק דערוואַרט
און אַלע האָבן זיך געווישט פאַרטרערטע אויגן.
פרעמדע פּנים'ער! כ'האָב קיינעם ניט דערקענט.
נאָר הענט וואָס האָבן זיך צו מיר געשטרעקט
זײַנען היימיש, וואַרעמע געווען.

אין דרויסן האָט דער פרילינג־טאָג באַלויכט
די טריט מײַנע אין געלן פרילינג־שניי.
מיין מאַמע'ס פּנים, עלטער שוין, צעקנייטשט,
האָט מיר דערמאָנט מיין אייגן וועג אין ווייט.

עס האָט די צייט געביטן אַלץ אין הויז.
נאָר עפּעס קוקט עס אַלץ אַזוי ווי פריער.
אַן אַלטע זאָפע, אַ טיש, אַ שניידערשע מאַשין
מיט יונגע, בליענדיקע נייטערנס.

מײַנע מיידלעך, זאָגט מיט שטאָלץ די שוועסטער
און רופט פון יעדערן די נעמען אויס.
מען גיט די הענט, מען לאָזט אַראָפּ די אויגן,
שמייכלען אַזוי שטיל און שעמעוודיק.

אין פענצטער קוקט אַ סאָד מיט נאַקעטע ביימער.
דער הימל — אַזאַ פריילעך פּנים איבער זיי.
צי איז עס וואָר, צי אפשר נאָר אַ חלום?
צוריק אהיים — די אַלטע פרייד און לייד?

אין האַרצן וואַכן אויף דערמאָנונגען צעשפּליטערט —
אַ שטוב, אַ דינע מאָרגן־ליכט אויף שויבן,
מיט רעק און קישעלעך אויפן דיל צעצויגן,
און פּנים'ער, וואָס חלומ'ען פון גרויסע לעבנס.

אַלטע דילן פון אַ בוידעם־שטיבל,
מיט נאַסע ווענט. אין אָסיענדיקער הימל.
אַ לייטער, וועלכער פירט צו זײַנע הויכן,
און די אויגן לייכטן — עפּעס צו דערגרייכן.

אַ פאַרטראַכטע שטיי איך איצט צווישן טאָג און אָוונט.
אַרום מיר טומלט זיך, אַן אַנדער, פרעמדע וועלט.
די בענקשאַפט נאָך די קינדערישע יאָרן
בלייבט אויף אייביק אין מיין האַרץ פאַרקלעמט.

# מאָרגן-זון

וואַרעם זונען־ליכט גלעט אַף מיינע אויגן.
דער נייער טאָג גייט אויף, די שטילקייט זינגט.
דער בלויער ווינט, וואָס שפּילט זיך אין די צווייגן,
ברענגט מיר שפּילעוודיק דערמאָנונגען צוריק.

דערמאָנונגען פון דאָ, און דאָ, און דאָרטן.
א וועלט מיט פּנים׳ער, וואָס שטייגן אויף.
אָפט ווייַנט מיין בלוט אַף יונג־פאַרלאָרענע לעבנס.
אָפט זינגט מיין בלוט מיט ליכט און מענטשן־גליק.

דאָ מלחמות, שטורעמס, גליוועך, טויט.
דאָרט — אַן אויפבראַוז, קוואַלן ליכט און שוואַרץ.
די נאַכט פאַרגייט, די זון גייט אויף אין רויט —
אין העלסטער ליכט, א פאַקל פאַר דער וועלט.

אָ, גרויסע לאַנד, אַרוים פון דיינע ברעגן
האָב איך אין מיין וואַנדערונג דיין ליכט מיט זיך געפירט.
עס האָט די אַלטע וועלט, אין פּראַג און ווייסע הענטשקעס,
די וועגן מיינע מיר מיט שטורעמס אויסגעצירט.

צעפּוילטע קרעפּאַסטן אין פינלאַנד,
וויסטע סטעפּעס,
קעלערס פּינצטערע, מיט הונגער, מייז און קעלט;
מיט טויזנטער פאַמיליעס, קינדער, אַלט און יונגט,
אַף אייביק דאָרט באַגראָבן, צעשיידט זיי פון דער וועלט.

די רייכע וועלט! פּאַלאַצן, גאָלד און זילבער.
דער וויסטער זומפּ, וואָס אייביק שאַרפט זיין שווערד
אקעגן אונז, די מאַסן פון דער וועלט,
וואָס ווערן פאַר זיי געהאָדעוועט פאַר שלאַכטן.

זונען־ליכט אַף מיינע אויגן.
דו אייביק־וואַנדערער דורכן פּירמאַמענט:
איך האָב אַף אַלע וועגן דיך געטראָפן,
סיי אין טיפסטן צער, סיי אין העכסטע גליק.

ס׳איז גוט אַזוי א ווײַלע צו פאַרגעסן
און הערן ווי עס זינגט דער פרילינג־ווינט.
איעדעס צווייגעלע גייט צום נייעם לעבן

און יעדן מענטשנס האַרץ
מיט בענקשאַפטן נאָך גליק.

נאָר עפּעס סוד'עט עס, אַריבער מיינע פּלייצעס,
אַ טיפער קרעכץ, אַ שטילער דין געוויין.
עס זעצט זיך אויף מיין בעט אַ הויך און דאַר געשטאַלט,
דאָס פּנים איינגעקנייטשט, גרוי, מיט פעלנדיקע ציין.

נאָך די טיפע אויגן, די אויפגעהויבענע ברעמען,
דערקען איך אים, מיין טאַטן. ווי פאַרעלטערט שטאַרק!
און ווי אַ קליינעס קינד נעם איך אים אַרום
און וויין, און וויין מיין טיפן צער פון האַרץ.

# דאָס שטעטל

אָט איז דאָס שטעטל, די קלייניגקע הייזלעך,
די שפּיציקע שטיינער אַף בלאָטיקער ערד.
די זון, וועלכע טראָגט זיך אַרויף פון די פעלדער
און וואַנדערט אַוועק דורכן מאַרק צו דעם בריק.

אַלץ ווי געוועזן! נאָר פּנים'ער פרעמדע.
דורות, ווי אין אייביקן גיין פון די טרעפּ.
אַ פּיצעלע אויבן, וואָס ווייטער אַלץ גרעסער,
וואָס טיפער, פאַרשרומפּט עס און ווערט ניט צוריק.

עפּעס אַ מאָרנע לעגענדע דערמאָנט זיך!
דער גאָלדענער פויגל, וואָס שטרעבט צו דער זון.
דורך יאָרן און יאָרן פליט ער און פליט ער,
און רירט ער די זון אָן — פאַלט ער צוריק.

וואונדערלעך ערד: מיט פרילינגס און זומערס,
מיט האַרבסטן און ווינטערס, מיט אומעט און פרייד.
דער אינהאַלט פון לעבן, דער אינהאַלט פון האָפן,
דער אינהאַלט פון בויען אַ בעסערע וועלט.

אָ, שטעטעלע מיינס! דער גאָלדענער פויגל
האָט איצטער באַטראָטן דיין בלאָטיקע ערד,
און ברענגט דיר שטראַלן פון ליכטיקע זונען,
פון מענטשן מיליאָנען אַ וואַרעמען גרוס.

# פרייטיק פארנאכט

די שטוב איז שטיל. א לאָמפּ באהעלט די ווענט.
א פאָרהאנג פון א צווייטער טיר איז אָפּגעדעקט.
ווייכע שטולן, טישעלעך מיט בלומען־טעפּ.
א פענצטער מיט דעם רויטן זון־פארגאנג.

די מאמע וויגט זיך בא איר גיין אין הויז.
אירע אויגן ליכטיק, גרויס, פארטראכט.
ווי אמאָל, בענטשט זי אירע ליכט,
די בלייכע הענט צום פּנים צוגעדריקט.

אויף די ווענט — א בילד פון דעם און יענעם,
א שוועסטער דאָ, א ברודער פון דער ווייטער פרעמד.
די ווייסע ליכט מיט איר ראָזע פלאמען
גלעטן איבער זיי, פארייניקט אונז, א ווײַלינקע צוזאמען.

א שטילער זיצט דער טאטע לעבן טיש.
ווי אמאָל, זיין פּנים דאר און מיד.
דאָס וואנדערן פון דאָרף צו דאָרף דורך וואָך —
דער רוקן איינגעשפאנט אין ניי־מאשין.

דאָ — א שוועסטער שטראלט מיט מוט און לעבן.
דאָ — א שוועסטער מיט טיפן צער אין די אויגן.
הונגער מיט מלחמה־גרוילן ליגט אין זייער לייכטן.
אלע קוקן מיר זיך אָן אין לויטערקייט פון אייגנס.

וויפיל יעדערער פון אונז האָט עס צו דערציילן!
וויפיל אומרעכט, וויפיל פּיין האָבן זיי געליטן!
וויפיל ליכטיקע חלומות זיינען אויסגעגאנגען
ווארטנדיק און האָפנדיק אויף א בעסער לעבן!

ווי אלס קינד ווער איך פול מיט באנגען,
פול מיט ווייטיק קוק איך יעדן אָן.
וויפיל לענדער האָב איך דורכגעוואנדערט,
און נאָר איין לאנד מיט נייעם לעבן שטראָמט!

עס ברענט די ליכט, און שאָטנס איבער דילן,
וואָס שמעקט מיט פארע פון געוואשן האָלץ.
און עפּעס זע איך ווי דער איצטער ציט זיך אָפּ
און שוועבט, און שוועבט אין ווייטנס ערגעץ אָפּ.

א ווײַנענדיקע פֿאַל איך צו צום טאַטן;
„זינג מיר עפּעס, זינג פֿון ליכט און גליק!
פֿון רויטע זונען, האָפֿענונג און בענקשאַפֿט.
זינג מיר פֿון א וועלט וואָס גליווערט ניט.״

און עפּעס דאַכט זיך מיר — איך הער
ווי טריט מאַרשירן,
אין הונדערטער, אין טויזנטער, פֿאַרייניקט איבער ערד.
דאָס גייט א צייט, די גרעסטע פֿון יאָרהונדערטער,
איבערבויען ניי די אַלטע וועלט.

# אין דער פרעמד

## בא קאנאדער ברעגן
(1942-1929)

מיין גאנג האָט בא דיין שוועל זיך אָפּגעשטעלט.
אַן איינזאמע אין גרויען שטיי איך וואך.
א מאָרגן גרויט. דער סודות'פולער ים,
קאלטע שנייען־בערג מיט אומבאקאנטער ערד.

מיט ווייטקייט ליגט מיין היימלאנד צוגעדעקט.
נאָר די בענקשאפט קאָן זי איצט דערגרייכן.
וויינט מיין בענקשאפט מיטן רויש פון ים,
שוועבט מיין אומעט מיטן גרוי אף מאָרגן

אַן אומרואיקע וויגט זיך נאָך די שיף
און פליאסקעט, ווי אַן ענטל, דאָס וואסער הינטער זיך.
אף ווייסע טירן, ווענט און ברייטע טרעפּ
וועבט דער מאָרגן אוים מיין אומבאקאנטע וועלט.

## אָוונט

איך ליג מיין וואַנדער־פּעקל אָפּ.
באַם בלייכן לייב פון דערטרונקענעם טאָג
שפּאַר איך אָן מיין קאָפּ אױף די קני.
און איבער מיר
ליגט די זון, ווי אַ גרויסע פאַרצויגענע וואונד,
און ווייזט מיט רויטע פינגער אױף דער וועלט
אָפּגלאַנצן פון העלער ליכט
און טונקלעניש.

עס וועבט זיך גרויער צער
אַרום חלום פון טאָג.
ווי זילבערנער שטויב באַם זון־אונטערגאַנג
פאַלט זיך פאַנאַנדער דער גאָלדענער טרוים
און שפּרייט זיך אין שאָטנס אױף דער ערד.

איך בין נאָר אַ שפּליטער פון אַ ליכטיק צעפּאַלענעם קנויל,
און טראָג זיך אַרום איבער וועגן
מיט ווינט און שטויב.
אין האַרצן וואַכט אומרו,
אומרו פון אייגן בלוט.
מיינע טריט — אַוועקגעשענקטע דער גרויסער ערד.

נאָר בענקשאַפט, ווי ליכטיקע פליגן אין נאַכט,
ציט פון די תהום'ען אַרויס אַ פאַרגאַנגענע וועלט.
ערגעץ־וואו, אױף גרענעץ פון לענדער צוויי,
איז געשטאַנען אַ הויז, מיט בלומען אַרום — מיין היים.

האָבן דאָרט שויבן מיט פעלדער, מיט זונען געשפּילט,
האָבן דאָרט פענצטער מיט פענצטער
דורך גאַסן געגריסט.
עס האָט דאָרטן שטענדיק געקלאַפּערט אַ שניידער־מאַשין,
ווי דורך איר וואָלט דער דלות געזונגען זיין ליד.

# אין א יתומים־הויז

צו דיר האָב איך די טריט מיינע דערטראָגן,
שפּייזנדיק אזוי די טעג און יאָרן,
האָט א צייט מיך אָפּגעשטעלט בא דיינע טירן,
א פרעמדע גייערקע, הונגעריק און עלנט.

אף שויבן האָבן זיך געקושט די לעצטע שטראַלן.
א גערטנדל מיט בלומען, שוואכינקע געבויגן.
א גרויסע, באַרוויסע, איז די וועלט געלעגן,
אומעטיק געקוקט אף גע‏לע, וועלקנדיקע בלעטער.

עס האָבן אויגן בייזע מיך באַגעגנט.
קאַלטע ווענט, טאָוולען שטיינערנע, באַשריבן
שוואַרץ אף ווייס, אותיות, ציפערן און נעמען —
פאר קינדער ניט צו פארגעסן: ס'איז דאָ א טויט פאראַנען.

קינדער האָבן שימערירט מיר פאר די אויגן.
באַם פענצטער האָט פאַרדרעמלט שוין דער טאָג.
אומעט, ליבשאפט האָט אונז אַלעמען פאַרצויגן.
מיין וועג אף צוריק האָבן די אויגן אָפּגעשטעלט.

איך האָב געשפּרייזט אריבער דיינע שוועלן,
די טרערן אין זייער אויפשטייג צוריקגעדריקט.
א וויינענדיקער איז מיין קינד מיר נאָכגעגאַנגען,
אָן זאָקן, הונגעריק, אזוי ווי איך.

# אין קעלער

דער קעלער האָט מיט דעמפּער ערד געשמעקט,
מיט קיך, מיט אָפּטרעטן, מיט גרויער, פייכטער ערד.
א שמאָלע שטוב, מיט לאַנגע טישן, בענק
און פענצטערלעך געטוליעט צו דער ערד.

דאָס קינדער־שפּיל, די יונגע פרייִלעכקייט,
וואָס האָט זיך צו דער פרייער וועלט געריסן,
האָט זיך אָנגעקלאַפּט אָן האַלב־צעפוילטע ווענט,
אָן געלער ליכט, וואָס האָט א זון פאַרביטן.

זאַטע פּנים'ער מיט אומרואיקע אויגן,
רויטע נעגל, ווייסע אוניפאָרמען,
האָבן זיך נערוועאישע באַוואויגן,
מיט מיילער, וועלכע מוסר'ן און שטראָפן.

# א בריוו צו חנה לעווין

אין דיינע לידער לייען איך
דיין מאמעס בריוו צו דיר.
און אַט דיין מאמע, יענע וואונדערלעכע פרוי,
ליכטיקט איצטער אויף פאר מיר:
קליין און דין,
שווארצע לאנגע האָר,
אויגן אומעטיק, און שטיפעריש,
און איר געלעכטער, ווי בא א שעמעוודיקן קינד.

חנה, יענע קעלער־שטוב דיינע,
דער גרויסער בלאָטיקער געהעפט,
די האלב־צעפוילטע טרעפ —
וואָס האָט אראָפּגעפירט צו דיר;
די קליינע קעמערלעך, מיט נאסע שימלדיקע ווענט
די שמאָלע פענצטערלעך,
וואָס האָבן זיך געשפילט מיט שטויב אף דר׳ערד,
די הילצן סאָפקע, מיטן גרויסן טיש,
דער גרויער דיל,
וואָס האָט גענדינט צו שלאָפן באדערנאכט.
און קינדערלעך,
מיט הויזעלעך, אויפגעגנייט פון זעק,
א טרעפּ,
וואָס פירט ארויף צום קלאָרן ליכט
פון א סאָוועטן־לאנד!
דאָס אלצדינג גייט איצטער אויף פאר מיר
פון דיינע לידער —
דיין מאמע׳ס בריוו צו דיר.

פאר פריקאזנע, אלעקסאנדראָווסק,
און אלע הונגעריקע גאסן
לייען איך עס איצט אף דיינס א בילד צו מיר.
און עס דערמאָנען זיך די טעג —
טעג פעטליורע׳ס, מאכנאָ׳ס און דעניקינ׳ס.
מעסערס, פלינטן, האנט־באָמבעס און שטריק.
און אף די בוימער פון פראָספעקט
אויפגעהאנגענע יונגע קאָמוניסטן.
נאָר אין דער לויטערקייט פון טאָג

האָט זיך אריינגעוועבט,
ווי גאָלדענע פעדים אויף א רויטן גרונט,
דאָס לעבן און דער קאמף פון די דערמאָרדעטע.

און ווער פון אונז האָט שוין פארגעסן
יענע צייט?
מיר זיינען דאָך געווען די יונגע טריט,
וואָס האָבן געפלאָכטן זיך
אין גרויסן אויפגאנג פון א נייער וועלט,
און טריט אין טריט געשפרייזט
דורך הונגער, שווערד און טויט.

חנה, איך געדענק א טאָג —
דער דרויסן איז געלעגן דורכזיכטיק און קראנק;
דער הונגער, ווי א גרויסע אומזיכטבארע שפין,
האָט געוועבט מיט שוים.
באַם רינשטאָק האָט געצאפּלט זיך
א שטארבנדיקער הונט.
אין מיטן וועג האָט זיך צעשפרייט א פערד,
דעם וואָגן לעבן זיך,
און אימעצער אף קני
האָט עפּעס וואָס גערעדט צום פערד,
געוויינט.
א פרוי מיט קינדער צוויי
האָט מיר נאָכגעשפּאנט, געבעטן בא מיר
אף ברויט.
און מענער פיר,
אין א קאסטן טראָגנדיק א יונגע טויטע פרוי.
און הינטער זיי האָט איינער נאָכגעשפּרייזט
מיט ווילדן בליק, דער פּנים א געוויין,
די האָר צעשרויפט פון ווינט,
צעריסענע די שיך,
וויקלענדיק דעם רעקל צו דעם לייב
פיבערנדיק פון קעלט.
זיבן רובל האָט מיר עמיצער געליען,
(א באטרעף איז דעמאָלט דאָס געווען?)
פון טעג ארומגיין זוכנדיק אוואו א שטיקל ברויט,
בין איך אוועק צו דיר.
אין קעלער האָט פארבלענדט די פינצטערניש,

נאָר שפּעטער האָט זיך אויסגעשיילט דאָס בילד:
צוויי קינדער אױף דער ערד,
געבעט מיט א שמאַטעדיקע רעק;
אױף שטולן צוויי א פּיבערדיקעס קינד.
א קינד, ווי א פּעקל, אַפן גרויסן טיש.
די הילצן סאָפּקע האָט פאַרנומען דיך,
קראַנק, הוסטנדיק.
פון קעמערל מיט גרויע ווענט האָט זיך געזען
דאָס אַלטע הילצן בעט,
דאָס קישן מיטן צודעק (א גרויע בערגל בא דער נאַכט)
פון זיי אַרויסגעלייכט האָט בלייך און שטיל.
דיין קליינער מאַמעס ליבלעכע געזיכט,
ווי א הילפלאָז שלאָפנדיקעס קינד.
איבער אירע שוואַרצע האָר האָט זיך געצאַפּלט
אזא בלייכער שטראַל
פון קליינעם פענצטערל אין הויך,
וואָס האָט דאָך נאָר דערגרייכט די ערד.
איך האָב געוויינט . . . געוויינט . . .
און דו האָסט מיך געטרייסט.
די קינדער זיינען אַלע קראַנק, נאָר זיכער
וועט עס באַלד איבערגיין.
און בא דיין מאַמע׳ס בעט אױף דר׳ערד
איז נאָך געלעגן פריש, ווי א גרויסע רויטע אויג,
פון איר שפּייענדיג בלוט.

איך האָב געקלאַפּט אוואו אין טיר
(געוועזן א מאָל א פּרוכט געשעפט)
זי האָט דאָרט גאָרנישט מער געהאַט,
נאָר עפּעלעך צעפוילטע דריי,
און צוגעשמייכלט טרויעריק
די זיבן רובל אין איר האַנט.

קינד מיינס — האָט דיין מאַמע מיך געגלעט —
איר האַנט איז בלייך און קאַלט געווען.
שאָב די עפּעלעך אריין אין גלאָז,
גיס דאָרט קאַלטע וואַסער אָן
און גיב עס יעדערן אביסעלע דערפון.

און היינט, בא דעם צוואַנציק יאָר סאָוועטנפאַרבאַנד,
א רויטער לייכט־טורעם אריבער גרויער וועלט,

דערמאָנט זיך מיר דאָס טרויעריק פאַרגאַנגען צייט;
און ווי אַ צווייגל פון אַ ריזיקן געזונטן בוים,
וואָס ס'האָט אַ שטורעם אָפּגעוואָרפן ווייט,
געהער איך דאָך צו דיר!
און איך געדענק די יונגנט־פריינט
און קוש זיי פון דער ווייט.

# טעלמאַן
(1934)

אומענדלעך גרויזאַם ציט זיך אַ נאַכט אויף דיין לאַנד —
טעלמאַן.
אַריבער די קעפּ פון די אַרבעטער מאַסן.
אויף טויזנטער טויזנטס, נאַציאָנען און ראַסן,
וועמען דיין וואָרט האָט גערופן דערהויבן
צו ליכטיקער פרייהייט —
ליגן צוזאַמען מיט דיר דערדריקט, אין די לאַגערס,
אין פינצטערע צעלן.

דיין לאַנד, טעלמאַן,
באַזיגט פון אַ באַנדע צעיושעטע רויבער,
קוקט אויס ווי אַ שאַנד־פלעק אַקעגן דעם וועלט־אַל —
אַ בלוטיקער קנויל דורכן נאַציִשן מעסער,
אַ נייער מין יעזוס צום קרייץ צוגענאָגלט —
און יעדעס לאַנד הערט דעם פאַרפּייניקטן קרעכץ,
און יעדן לאַנד שרעקט אָט דאָס גרויזאַמע בילד,
נאָר יעדעס לאַנד קערט זיינע אויגן אַוועק.

שוין לאַנג האָט מען אויפגעהערט ציילן די טויטע,
טעלמאַן.
ווער קען עס דען ציילן פון יעטווידן ווינקל?
עס זיינען שוין ביכער און ביכער פאַרשריבן —
נעמען און נעמען פון יונגע און אַלטע —
דענקער, פּאָעטן, דאָקטוירים, פּראָפעסאָרס,
נעמען, וואָס האָבן געגרויסט איבער ערד־פּלאַך,
נעמען, וואָס האָבן די פאַקלען געטראָגן,
דעם אויפגאַנג פון ליכט, פאַר אַ צוקונפט אַ פרייער —
פון אונזערע ברידער, די זין פון די מאַסן,
וואָס זיינען דערמאָרדעט אין טורמעס געוואָרן.

וואָס זיינען איינציקע ליידן און פריידן,
טעלמאַן,
אַקעגן אַ צייט, וואָס קומט יעדן אַנטקעגן?
אַ צייט, וואָס ס'האָט אין דיין לאַנד זיך געשאַפן —
אַ בלוטיקער הענקער, דער נאַציִשער פירער —
אַ נייער מין גולם . . . מיט האַק און מיט פייער,
וואָס וואַגט זיינע טריט איבער ימים צו שטעלן —

און ניט פאר א זיג, פאר א בעסערן לעבן,
נאָר חרוב צו מאכען די אוצרות פון וועלטן.

איינס, וואָס הערט ניט אויף צו פאָדערן, קעמפן, —
דאָס איז דיין פארטיי פון די אָרעמע מאסן.
זי וואקסט, ווי א בוים אונטער ריזיקע צווייגן,
ווי שטראָמען, וואָס גייען אריבער די ברעגן —
פון דערפער צו שטעטלעך, פון שטעט און דורך לענדער;
טראָגט מיט זיך ליכט פון גלייכהייט און ליבע,
דעם ווילן און מוט פון א קאמף ביז צום זיגן —
פון כינע, פון שפאניע, פראנקרייך, קאנאדע,
און איבער דער גרויס פון אמעריקעס שטאטן,
און איבער נאָך לענדער און לענדער . . .

ס'וועט קומען דער טאָג פון מארשרוט צו דער גרענעץ,
טעלמאן,
ווען צאמען וועלן ברעכן, און ווענט פון די טורמעס;
און איבער די קעפ פון די נאצישע מערדער
ווען פלאצן די קללות פון מענטשן מיליאָנען —
פון כינע, פון שפאניע, פון עסטרייך, עטיאָפיע,
און ליכטיקן וועט מיט דעם נייעם באגינען
דיין וואָרט צו דיין גאס, צו דיין קלאס, צו די מאסן!
דערמאָרדעטע קעמפער וועלן אויפבליען גאסן —
ס'וועלן אויפשטיין ווי א שטורעם די געדריקטע און פארפאָלגטע
צו ליכטיקע הויכן פון לענדער באפרייטע.

# שפאניע

טעג וואַרפן זיך, ווי בריענדיקע כוואַליעס אַף דער ערד.
מיין קינד, און איך.
אין פענצטער קוקט א האַלב־צעפוילטע וואַנט,
א שטיקעלע פון זונען־שיין,
א פּאַסיקל פון שטיינערדיקער גאַס.
און לעבן אונז — א בעט, א טיש מיט צייטונגען אַלערליי:
די „מאָרגן פרייהייט", „קאַמף", „דעילי קלעריאָן",
און נאָך, און נאָך.
פון אומעטום דער טרויעריקער רוף:
שפּאַניע ברענט! גייט אָפּ אין בלוט!
עס האָט א פינצטער מיטלאַלטער זיך דערלאַנגט א רוק
צום טויער פון דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט
און הילט אין רויך און טויט דאָס אויסדערוויילטע שפּאַניש ערד.
און — ס'שווייגט די דעמאָקראַטישע וועלט.

און טעג, וואָס זיינען שוין אוועק
מיט שטורעם, הונגער, היימלאָז, קעלט.
א רונדער יאָר, האָט יעדער טאָג
געבעטן און דערציילט פאַר דער גאָרער וועלט:
שטעט פאַרוויסט!
טויזנטער אַף גאַסן בלאָנקען אום,
אָן הענט, אָן פיס.
פאַרשטומט דאָס פריילעך שפּילנדיקעס קינד.
צוזאַמען מיט די רואינעס
רויכערן זיך גאַנצע פאַמיליעס.
און איבער וועג און שטעגן, אין וואַסער און דער הויך
יאָגט זיך נאָך דער טויט
געקליידט אין היטלער־מוסאָלינישע מונדירן,
ברענען, שלאַכטן אומשולדיקע קינדער, פרויען,
אַף זייער אויסדערוויילטער שפּאַניש ערד.
און ס'שווייגט די דעמאָקראַטישע וועלט.

מיין קינד און איך, מיר זיצן הונגעריק.
עס פעלט א שוך, עס פעלט א קלייד,
עס פעלט אַף דירה־געלט.
נאָר עס וויינט מיין קינד מיט צייטונג אין די הענט:
אַזוי פיל באַסקישע קינדערלעך וואַנדערן אַרוים אין פרעמד!

עס וויינען זייערע מאמעס
און זייערע פריינט:
וועלן זיי זיך קיינמאָל מער ניט זען?

און לענדער שווייגן שטיל.
לענדער מיט געפּוצטע דזשענטלייט,
וואָס וואכן און באהיטן יעדער זייער אייגנטום.
נאָר ווען־ניט־ווען — א וואונק מעפיסטאָ'ס פייערדיקע אויג
און ס'שפּרייט זיך מער און מער מעפיסטאָ'ס
שווארצע פליגל אויס
איבער פּוילן, כינע,
און אפשר נאָך און נאָך . . .
ביז וואנען פּוסטן פון דער גאנצער וועלט
דערווערגן וועט דעם מאָנסטער אף דאָס שפּאניש ערד,
אף כינע'ס ערד,
אף פּוילנס ערד,
און נאָך, און נאָך.
מיר מוזן זיין געגרייט!

## צום ערשטן מאי

אף מיין פענצטער שלאָפט דער פרילינג, ווי א בלויע טויב,
און אין שטילקייט רוט די שטאָט, און זילבער וויגל פון דער נאכט.
ס'איז פרידן אף דער וועלט . . .
וואָלטן לענדער ניט געברענט מיט שווארצן פעך פארגאָסן,
און שטעט מיט שטעטעלעך ניט געלעגן חרוב, וויסט —
מיט מענטשן טויזנטער פארגראָבן און פארשאָטן;
וואָלט די בייטש פון הענקער ניט פארטריבן פעלקער,
ווי פארפאָלגטע סטאַדעס;
און אף די פירער פון דער וועלט וואָלט ניט געבלענדט
די קרוין פון גאָלדענע געטער —
וואָלט געווען פרידן אף דער וועלט.

ס'איז פרילינג אף דער ערד!
נאָר, ווי די נאכט־ליכט טונקלען איצטער דורך דער בלויער שטאָט,
ליגט פארשאָטנס, קרעכצט און ליידט
אונזער ארבעטער קלאס.
אונזער קלאס, דער מעכטיקער, איז ריזיק גרויס,
מיט הענט, וואָס קענען אָפשטעלן דעם גאנצן גאנג פון וועלט.
אין קייטן ליגן מיר געשמידט צום פוס פון גאָלדן קאַלב,
און איבער אונז די שווארצע האנט מיטן האָק און קרייץ.
ס'איז פרידן אף דער וועלט? . . .

ס'איז פרילינג אף דער ערד!
און מיר, די מאמעס יונג און אלט, מיט קינדער בא דער זייט,
מיט אומרו הערן מיר זיך צו דער שפראך פון צייט.
דייטשלאנד, שפאניע, כינע, עסטרייך —
דאָ און דאָרט, און נאָך,
וואו עס לויערן מיט פייער די ברוין און שווארצע שלענג.
ווי לאנג נאָך וועט מען דינגען זיך פאר פארייניקן די וועלט?
פארייניקן די ארבעטער איבער דער גרוים פון ערד,
מיט ביקס און שווערד זיך אויסגלייכן, צעברעכן יעדן צוואנג,
און אָפראמען דעם שווארצן שמוץ פון אונזער שיינער וועלט —
וועט פרידן זיין אף ערד . . .
וועט פרילינג זיין אף ערד . . .

# באגינען

שטילע, בלייכע דעמערונג,
ווי די טריט מיינע צום נייעם טאָג.
די וועלט ליגט נאָך אָן פארבן, ניט דערקלאָרט;
גאסן, מיט א שאָטן־נעץ פארשפרייט.

נאָר טיפער אין דעם האָריזאָנט שפּראָצט מיט בלוי;
דאָס בלוי צערינט זיך, איבער דעכער, ווענט און ערד.
בוימער שיילן זיך פון דעמערונג ארויס,
ווי גרינע לייכטער, מיט ווייסן ליכט באַפּוצט.

דורכן ווייטן פירמאַמענט שוועבט די זון —
לאנגזאם, ווי א גאָלדן פויגל נעענטערט זי.
וואָלקנס ווארפן פון זיך אָפּ דאָס נאכט־געוואנט,
דאָס לעצטע גרוי צערינט אין מיין געמיט.

אין מיין צימער, איינזאם, שלאָפט מיין קינד.
עס טרייבט מיך אָפּט אזוי ארויס די זאָרג,
בענקשאפטן וואָס נאָגן אין מיר נאָך דאָ און דאָרט,
וועלטן, וועלכע קומען אויף און שיידן זיך אף אייביק אָפּ.

# „נייוועלט"

(א מתנה מיין פריינדין לילי האָפּמאַן)

א גאָלדענער באַלון טראָגט זיך די זון
און נידערט צו מערב.
גרינע הויכן, גרינע פלאַכן,
מיט פאַרביקע הייזלעך און ווייסע געצעלטן,
ווי ס'וואָלטן דאָרט פויגלען צו נאַכט־רו אַרונטערגעלאָזן.

אין די אָרעמס פון דער גרינער ליכט
צעשמעלצט זיך דאָס גרוי פון טעגלעכן שווערן לעבן.
אויף בלומיקע לאָנקעס, פון וואַסער און שטעגן,
זינגען געביידעס פון קעמפער און העלדן,
פון וועלטן באַפרייטע, פון וועלטן וואָס בלוטן.

די זון געזעגנט אָפּ זיך פון הונדערטער טויזנטער מענטשן.
דער אָוונט פאַלט צו, מיט א חלום פאַר יעטווידער גרעזל.
אין שאָטנס פאַרטראַכט, קוקט די עס־שטוב מיט בוימער פאַרטוליעט.
דער טאַנץ־זאַל, דאָס וואַסער — א מיידל וואָס זינגט צו די ווייטנס.

די קינדער־קאָלאָניע, א בלויער היאַצינטישער פליגל,
באַזוימט מיט א חלום פון זונען וואָס וואַכן אין הימל.
ליכטיקער אָרט, אייגנס פון הענט האָרעפּאַשנע —
איך וועב איבער דיר אוים מיין גלויבן אין צוקונפטן גרויסע.

# פינלאנד

דער בלוטיקער סוד איז אנטדעקט,
די רויבערישע היילן מיט פייער
אויפגעריסן און צעשטערט!
און דער מערדער פון טויזנטער מענטשלעכע לעבנס, מאַנער,
מיט זיין שקלאַף וואָס פארקויפט זיינע אייגענע ברידער
דער גרויסער סאָציאַליסט טאַנער,
שטייען אנטוואָפּנט, מיט שאַנד פון פאַראַט.
און דאָס רופט מען סאָציאַליסט,
און דאָס רופט מען דעמאָקראַט!

וואָס פאר א שפּאָט פאר די ארבעטער מאַסן!
ווער געדענקט ניט דעם בלוטיקן אכצן
פון פרעמדן באַראָן איבער פינישע מאַסן?
זיין שותּף, וואָס האָט אים די קעפּ צוגעטראָגן
און טויזנטער לעבנס אין טורמע באַגראָבן,
געדינט צו די פאָנען פון אַלערליי הערשער,
פארקויפט פינלאַנד׳ס ערד פאר א וועלטישער שחיטה —
זיי שטייען אנטוואָפּנט מיט שאַנד פון פאַראַט.
און דאָס רופט מען סאָציאַליסט,
און דאָס רופט מען דעמאָקראַט! —

עס האָבן די צוויי זיך מיט עפּעס פארעכנט —
דער פרילינג, וואָס האָט זיך פארביטן אױף ווינטער . . .
זאָלן געבענטשט זיין די רויטע ארמייער,
וואָס האָבן באַצייטנס דעם פייער צעטראָטן,
פויסט, וואָס האָט זיך פארקויפט צו מעפיסטאָפעל,
און אונטער דעם יאָמער פון כינע און שפּאַניע
האָט מען געהאַמערט די מאַנערהיים־ליניע,
א ווארע געמאַכט פארן וועלט־באַנדיטיזם,
וואָס קומען זיך נעמען די סחורות פארקויפטע,
די מיליאָנען לעבנס פון פרייע סאָוועטן.

יעדער קלאַפּ צו א ווייסן גווארדייער,
א קלאַפּ פאר א שפּאַנישן געפאַלענעם קריגער!
עס ווערט ניט פארלאָשן דער בראַנד פון נקמה,
וואָס שרייט פון דער וועלט צו די מאַנערס און טאַנערס!

די בלוטיקע העלדן פון פייער און טורמעס,
פון דינען דעם געלט־גאָט מיט ארבעטער־לעבנס.
זאָל זשע געבענטשט זיין דאָס לאנד פון סאָוועטן,
ווייל וואו נאָר זיי קומען, גייט ליכט אויף און פרייהייט.

# בריוו

דיין פארגאנגענער לעבן
וועט קיינמאָל פאַר מיר ניט פאַרגיין,
שוועסטער מיינע, בערטא פריידהיים

איך שרייב דעם בריוו צו דיר,
וועלכן דו וועסט קיינמאָל שוין ניט קריגן.
איך ענטפער אױף דיינע וואונדערלעכע רייד,
דיין צער, דיין פרייד,
דיין טראכטן און דיין טיפן פילן.
זיי ליגן אױף מיין טיש, אין בריוו צעשפּרייט,
און לעבן זיי
דיין בילד, וואָס קוקט מיט אומעט.
דו פרעגסט אין יעדן בריוו מיך ווי מיר גייט.
דו וואָלסט אזוי געוואָלט שוין הערן פרייד
פון אונז, צעזייטע איבער אלע זיבן ימ'ען.
און דו, די איינציקע פארבליבן אין דער היים,
מיט זאָרג און פּיין
פון טעגלעך שווערן לעבן,
בענקט זיך דיר נאָך יעדערן באַזונדער.
אין שטוב איז אָפט ניטאָ קיין שטיקל ברויט.
די קינדער, שרייבסטו מיר, זיינען הונגעריקע
איינגעשלאָפן.
עס ציט דאָס האַרץ,
עס גרוילט פאַר מאָרגנדיקן טאָג.
אַלץ איז אומצופרידן, אויפגערעגט.
ס'איז אויך צוליב דעם ביטער־שווערן מזל.

אָ, שוועסטער, וואָס קאָן איך דיר שרייבן?
דיר שילדערן אָט דאָס גאָלדן לאַנד?
איך שטעל דיר פאָר — מיין וואוינונגל:
לאַנגע, שמאָלע פענצטער
אין הינטער־גאַס, וואו ס'קומט קיין זון אריין.
די באַלקנס, וועגט — נאַס, מיט געלע פּליאַמעס,
ווי הויט אונטער די אויגן פון א קראַנקן מענטש.
שטענדיק וואַסער טריפט אראָפּ פון רערן,
וואָס שפּרייטן זיך פון וואַנט צום וואַסער־קראַן.

און אין פאַבריק פעלט די מענטשן־ליבע,
די אייניקייט פאַר פרייע מענטשלעך רעכט.

דאָ הערשט נאָך אַלץ אַ האַר אויף זיינע שקלאַפן.
די אַרבעט יאָגט, און קלאָגעדיק די לוינען.
די הענט, דאָס בלוט, דער מאַרך — אַ טייוול־שפּיל!
דאָ פעלט דער איבערבוי פון אַ וואַקלענדיקן בנין,
וואָס מענטשן רופן עס — דעמאָקראַטיע.

יאָ, דורך דער וועלט יאָגט זיך שנעל דאָס לעבן.
צעוערשט אַ שפּיל, דערנאָך אַ שווערער קאַמף.
גליק און אומגליק, אַלץ פאַרוועבט אין זיך.
דער מוט איז יונג,
דער טראָט איז פעסט,
די גרינע האָפענונג שמייכלט פון דער ווייט.
און שטרויכלען ווען עס איז די פּיס
אויף וועג, באַוואַקסענע מיט שווערע דערנער —
איז רויט די זון און הייס דאָס בלוט.
אַ וועלט מיט מיליאָנען וועגן . . .

דאָס גאָלדענע יוגנט שפּילט זיך מיטן לעבן —
אַ שווילבעלע מיט אָדלער'ס נעגל.
אַ דינער קראַיץ — פאַרוואַונדעט ליגט די שוואַלב.
די גאָלדענע יוגנט גייט פּאַמעלעך אויס,
און איבער איר קומט אויף אַזאַ פאַרנאַכט,
אַ פאַרנאַכט פון אַ וואונדערלעכן זומער־סוף.

די גרויסע צייט גיט קיין זאַך צוריק.
דורות גייען אויף אין אירע פליגלען.
זי ברויזט מיט זיי איר כוח צו דער וועלט
און גייט מיט זיי צוריק צום אייביקן גאָרנישט.
אָ, שוועסטער מיינע, איינס וואָס בינדט אונז צו, —
די בריוועלעך, די האַנט, געדאַנק, געפיל.
דאָס קניפּט אונז דורך די ווייטקייטן צענויף.
די פרייד, די נויט, מיט צייט וואָס קומט,
מיט צייט וואָס גייט,
מיט קאַמף וואָס ברויזט פון איין עק וועלט
צום צווייטן.

ווען אונזער פּיין פון אָט דער גרויסער וועלט
וואָלט געקענט זיך הערן, שרייבסטו מיר
דאַן וואָלט די ערד געציטערט אין איר גרעב.

עס וואָלטן אַלע פֿייניקער אין שטויב
פֿאַר אונז געלעגן.
נאָר אונזער אויסגעשריי בלייבט פֿאַרשטומט
מיט שרעק.
ער שרייט אַף אונז דער גאָט פֿון געלט
מיט פֿייער, בלוט און טויט.

צי וועל איך נאָך דערלעבן ווען די פֿרייד —
פֿרעגסטו מיך —
וואו אַלץ שטייט אויף פֿאַר אַ נייעם איבערבוי,
פֿאַר אַ נייעם לעבן?
די קינדער מיינע זיינען פֿייער־פֿלאַם,
צוזאַמען מיט דער יוגנט, אונזער שטאַם.
און איך, וואָס בין פֿון יוגנט שוין אַרויס,
גיי מיט זיי דעם זעלבן וועג.

עס גייט מיר אָפּט מיין גאַנצער לעבן דורך,
שרייבסטו מיר.
דאָס שטעטעלע, די היים, די גרויסע נויט,
די יונגע פּנים׳ער מיט האָפֿענונגען פֿול.
אין ווייטקייט ליגט אַן אומבאַקאַנטע וועלט —
מיט גלויבן צו איר ליכט.
דער טאַטע אַרבעט שווער, און ס׳פֿעלט אַף ברויט.
די מאַמע אַרבעט אויך, און ס׳איז אַלץ די נויט.
אין דרויסן ליגט אַ האַרבסט און ווייעט מיט קעלט,
קיין גאַנצער שוך, קיין וואַרעם קלייד.

אַף קאַלטע שויבן גליווערט די לבנה.
אין שטויב מיט געלן פֿלעמל ברענט דאָס ליכט.
דער קלאָגעדיקער מאָלצייט אַפֿן טיש:
אַ טעלערל מיט עטלעכע קאַרטאָפֿליעס.
פֿאַרגליווערטע פֿון הונגער זיצן מיר.
יעדער האָט שוין זיינס אויפֿגעגעסן,
נאָר איין קאַרטאָפֿליע אין שאָטנס ליגט פֿאַרהילט —
קיינער וואַגט ניט רירן דעם געווינס.

אָ, שוועסטער ,שרייבסטו מיר,
עס ווילט זיך קיין זאַך, קיין זאַך דערמאָנען.
וואו מען וואַרפֿט אַריבער דעם געדאַנק —

א ים מיט לײדן, בלוט און טרערן.
אין פּאַלאַצן טראַגט מען קרוינען —
זײַנען מיר פֿאַר זײ דער אָפּפֿאַל נאָר.
בויען מיר פֿאַבריקן, אָן א שיר
מיט אַלדאָס גוטס פֿאַר אָט דער וועלט,
און נאָר פֿאַר אונז בלײַבט — קייטן, פֿײַער, שווערד.

און די צײַט גײט אַזוי איר גאַנג.
די קינדער זײַנען איצטער אויסגעוואַקסן,
ווי פֿייגעלעך, די היים פֿאַרלאָזט
צו טראָגן שוין פֿאַר זיך דעם אייגן גורל.
נאָר אײַנגעבירגערט ליגט אין לאַנד די נויט.
עס איז די אַרבעט פֿאַר א בעטל־ברויט,
און קאָנצענטראַציעס פֿאַר קוים־דערוואַקסענע קינדער.

האָב איך צײַט, בענק איך און איך טראַכט,
און פֿיל זיך עלנט, אײנזאַם און פֿאַרלאָזן.
אַלע זײַנען מיר צעזײט, צעשפּרייט,
יעדער לעבט זײַן אייגן שווערן לעבן.
און יאָרן קומען, יאָרן גײען אָפּ —
די הענט פֿון אונזערע צאַרטע טאַטע־מאַמע,
די בריוועלעך, די ליבע, זאָרג און אומעט
רוען שוין אויף אייביק איצט צוזאַמען.

אָ, עס ווילט זיך קיין זאַך, קיין זאַך מער ניט טראַכטן.
עס איז א קורצער זײַן
און קיינער קאָן דערפֿון זיך ניט באַהאַלטן.

א פֿריער פֿרילינג איז איצט אונזער גאַסט,
שרײַבסטו מיר.
ער שמייכלט ווי א שעמעוודיקער אינגל.
באַם פֿענצטער מײַנעם שטײט צעבליט א בוים
און דופֿטיקט פֿול מיט בענקשאַפֿט אין מײַן שטיבל.
די שטראַלן, ווי גאָלדן בינען אויף מײַן דיל,
שפּילן זיך, פֿון צווײַגעלעך געטריבן.
און עפּעס פֿרייט זיך מיר און עפּעס וויינט זיך אויך
אין מיר.
דאָס אַלץ איז פֿאַר די ווערימלעך, פֿייגעלעך און פֿליגן.
נאָר עפּעס ווילט זיך אַזוי לעבן,
זיך אויספּוצן און וואַנדערן אין ליכט.

דער מאן ,די קינדערווארטן אין א צווייטער שטאָט
אױף מיר.
און ווידער זאָל א נייער אָנהויב ווערן.

נאָר עפּעס האָט דיין בריוו זיך אָפּגעהאַקט,
שוועסטער מיינע,
מיט א שווארץ־געראמטן אויסשניט פון א בלאט.
עפּעס רעדט זיך דאָרט אזוי פיל פון דיין נאָמען,
פון דיין ליכטיקער פערזענלעכקייט,
וועגן טרויער פון די שול־קינדער,
פון א פּלוצלינגדיקן טויטן־פאל.

די נאכט פארגייט.
א גרויסער נעפּל לייגט זיך אױף די שויבן.
דער לאָמפּן־שיין ווערט געל.
און אומעטיקע קוקן דיינע אויגן.
שוועסטער, זאָגן זיי,
דער טאָג האָט אזא ליכטיקייט פארמאָגט.
איך האָב געזען א הימל — בלוי אױף גאָלד,
די שטאָט, וואָס האָט מיט לעבן זיך באוועגט.

איך האָב דעם פרילינג אין זיך איינגעזאפּט.
דאָס הארץ האָט זיך באשווערט,
און, ווי א ליכט, האָט זיך די וועלט פארלאָשן . . .
איך טראָג א פרילינג־קלייד.
איך האָב ניט אָנגעטאָן און וועל עס קיינמאָל אויסטאָן . . .
איך בין געפאָרן וואו, נאָר ווײַס קיין אָרט, קיין צייט —
קיין ענדע . . .

עמעצער וויינט איצט אין דער הויף.
איך? צי דו? צי אָט דער גרויסער טרויער?

# 1941

## דער טאָג איז געבאָרן

אף דיינע רויטע מעכטיקע פליגלען
איז פארבונדן דער גורל פון דער ליידנדער וועלט.
דו ביסט אונזער ליכט־טורעם אין פינצטערן ים!
א וועלט מיט מיליאָנען מענטשן, פארפאָלגט אונטערן אייזערנעם רוט
פונעם גאָלדענעם קאַלב
און פון בלוטיקן האקנקרייץ,
קוקן צו דיר מיט א ציטערדיק הארץ
און מיט האָס צו דעם האָר,
וואָס האָט דעם אייזערנעם געץ אויפגעבויט
אף טויזנטער מענטשלעכע לעבנס פון דער וועלט.

און פון דעם באנקיר ביז דעם פאַלשן סאָציאַליסט,
וואָס האָבן דורך יאָרן ווי שלאַנגען מיט סם געשיפּעט
קעגן דיר, אונזער הערלעך לאנד —
און א „העלד" פון ניו יאָרק,
און א יוניאָן־פירער,
וואָס האָט בא די ארבעטער טויזנטער געקליבן
צו שיקן געווער די פאשיסטן פון פינלאנד
צו טויטן די אייגענע ברידער

יאָ, פרצ'עס „ברידער" —
דער מענטש און די שלאַנג:
דער איינער נאָך גאָלד,
נאָך בריליאנטן, נאָך רויב . . .
די שנאה צום ברודער וואָס האָט זיך באפרייט,
און לאָזט פון זיין בלוט מער ניט צאַפּן קיין גאָלד . . .
דער אָרעמער ברודער וואָס שמ'ט מיט זיין כוח —
אף א זעקסטל פון דער ערד
אזא וואונדערלעך לאנד אויפגעבויט:
מיט אייביקן יום־טוב געגרייט איז דער טיש
פאר די פעלקער, די ריזיקע זין פון זיין הויז!

דו גרויסער, דו ריזיקער ראטנפארבאנד!
דער פינצטערער כוח פון וועלט־רעאקציאָנער
איז ווידער באפאלן מיט פייער דיין ערד!
און היינט, ווי אמאָל, גיסטו דיין בלוט
פאר דער ליכטיקער פרייהייט פון מענטשלעכן גליק.

עס וועט קומען דער טאָג,
דער יום־הדין פאר די חיות —
דער טאָג איז געבאָרן — דורך דיינע ארמייער.
דער שווארצער פאשיזם, וואָס זידט אין זיין פייער,
וועט אויסגיין,
וועט ווערן פארלאָשן
דורך דיינע ארמייער, דו לאנד פון סאָוועטן.
מיט דיר גייט די וועלט,
מיט פרייד פון דיין פרייד,
מיט הייליקן גלויבן אין א זיג פאר דער וועלט.
א גרוס אייך, העלדן פון סאָוועטישער ערד!

# די גאנצע וועלט שטייט גרייט מיט דיר

אן אלטער בוים — א ריזיק בלעטער־שטרויס,
באוואכט מיין הויז,
און זיין שאָטן גלעט, גלעט דעם שמאָלן וועג.
א חורבה־הייזקעלע, מיט ווייס צעריבענע ווענט.
א בליציקע לבנה אין דעם בלויען הויך,
מיט דינע וואָלקנדלעך, ווי ווייס צעצויגענער רויך,
קוקט זיך דורכן בוים
אױף דער לאנגער גאס,
אױף מיין הויז־בריקל, אױף מיר,
און אלץ ארום איז שטיל, שטיל.

איך האלט די אויגן אויף, נאָר מיין חלום שוועבט.
עס גלעט די קילע לופט מיין היים געזיכט.
עמעצענס פאוואָלעדיקע טריט
אױף דעם שטיינערדיקן ברוק
הילכט, הילכט, הילכט —
אזא מין געזאנג,
ווי ערגעץ וואָלט דער פיקהאָלץ־פויגל אין א בוים געקלאפט.
און די לבנה קלעטערט זיך פון צווייג צו צווייג
און ווארפט אָן שטיקער שיין אױף דער לאנגער גאס,
אױף מיין הויז־בריקל, אױף מיר.
און אלץ ארום איז שטיל, שטיל.

נאָר מיין געמיט ווערט שווערער.
דער שווארצער ראָד האָט זיך דערקייקלט
צו דיינע העלע שוועלן,
צו דער רויטער זון, וואָס וועט קיינמאָל ניט פארגיין.
און אויך דאָ, ווי אין דיינע פארטיזאנען־רייען,
אין דעם גרויסן קאמף פון וועלט־באפרייען,
זאָג איך מיט, מיט דיר, די הייליקע שבועה.
איך, א בירגערן פון א לאנד א ווייטן,
געטריי מיין קלאס, מיין פאָלק,
געטריי דער פאָן וואָס פלאטערט הויך
אין קאמף פאר מענטש און פרייהייט,
וועל ניט רוען, וועל זיך פאר גאָרנישט שרעקן,
ביז די בלוטיקע סוואסטיקא וועט פון דער ערד פארשווינדן.

וואו איך זאָל ניט זיין,
וואוהין איך וועל זיך ווענדן —
פאר מיינע אויגן וועט דאָס גרויליק בילד מיר שטיין:
שטעט פארוויסט,
מיליאָנען אויסגעלאָשענע לעבנס —
ביז נקמה וועט גענומען ווערן.
עס וועט דער שונא איבער אונז ניט זיגן,
ווי שטארק ער זאָל ניט זיין!
ער וועט צעפאלן ווי די קאָרטן נאָכן שפּילן.

נאָר דערווייל איז שטיל.
אין די טורמעס איבער דער גאנצער וועלט
שלאָגן הערצער הונדערטער און טויזנטער פאר דיר;
בארויבט פון זייער פרייען טראָט,
פאר וועמענס זינד?
און דאָ און דאָרט, אין די טויטע ווענט,
אויסראָטונג און אונטערגאנג.
האָט דען ווער פארלאָשן שפאניע'ס האס?
כינע'ס האס?
פראנקרייכ'ס האס?
די גאנצע וועלט שטייט גרייט מיט דיר,
סאָוועטן־לאנד!

— — — — — — — — — — — — — —

און די לבנה, ווי א ליכטיק ראָד,
קייקלט זיך פאמעלעך אף איר בלויען וועג
און מאכט א ווארע פאר א נייעם גרויסן טאָג.

# שוועסטער מיינע

שוועסטער מיינע פון דער אַלטער היים,
דו, וואָס ביסט געבליבן היטן די אוצרות פון דער צייט,
דעם גאָלדענעם שטויב פון אונדזער ליכטיקער יוגנט . . .
די האָפענונג — אַ פאַרביק שמעטערלינג,
ליגט שוין איצט — אַן איינגעשרומפּענע פליג;
די זילבערנע חלומות אויף גרויען שטויב פאַרביטן.

אויף וועגן, וועלכע האָבן אונדז צעשיידט, שוועסטער מיינע,
גיסט אַרויף די צייט דעם גליוועער פון פאַרגעסן.
די יאָרן טראָגן ניט אַנטקעגן קיין פאַרגאַנגענהייט;
זיי גליטשן זיך נאָר דורך, ווי ראָזע שיפעלעך אויף ווייסע שנייען.

נאָר בענקשאַפט, וועלכע האָט קיין וועג, קיין שטעג,
און קומט אויף פליגעלעך פון ליכטיקע אומענדן —
זי קניפּט פאַנאַנדער יאָרן, גרוי געוועב,
און קלאָרט פון נעפּלען אויס אַ וועלט פון שטורמישע פאַרלאַנגען,

אָ, שוועסטער מיינע!
וויפיל פרייד און ליידן ווערן וואך
בא דער שוועל פון יענע ווייטע וועלטן!
ווי אָפט איך בין אין זומער פרישטער פרי
אַ וואַכע נאָך, דערוואַרטנדיק אַ גרויסן מאָרגן!

כ'האָב געזען רויטקייט וועבט זיך אוממערקבאַר
אויף האָריזאָנט, וואָס לויטערט זיך אין בלויקייט;
און קענען מיר — דאָס גרויסע גרענעץ־פעלד
שאַרט אָפּ איר צודעק, דעם זילבער־גרויען נעפּל.

איך האָב דעם פענצטער מיינעם אויפגעמאַכט,
דערפילט דעם אָטעם פון דער וועלט דער גרויסער,
און בענקשאַפט — ניט נאָך וואו, און ניט נאָך וואָס,
נאָר פאַלן מיטן קאָפּ צו דער ערד און וויינען, וויינען . . .

און, ווי די לופט, אַ קוש־טאָן יעדן דעכל
פון די שלאָפנדיקע הייזעלעך אין ריי —
אָ, שוועסטער מיינע, אין מיין ליטוויש שטעטל,
מיט דיינע בריוו געשטעמפּלטע מיט אָרעמקייט און ווי.

דאָס הייזעלע מיט בוימער בײַ די פענצטער,
עס קוקט נאָך היינט, ווי א ווייסער האָז, צום גאַס;
נאָר יענע שטימען זיינען לאַנג פאַרגאַנגען
מיט עכאָס פון איעדן טייל פון וועלט.

איך ווייס, עס בלייבט די צייט אויף לאַנג ניט שטיין,
און לידער נייע וועלן קומען.
אייביק איינס זינגט נאָר א פייגעלע
און בויט איר נעסט אויף שפּיצן פון די בוימער.

אַך, שוועסטער מיינע, אין דער אַלטער היים —
צי וועט די וועלט אונדז אין איין צייט פאַרשמידן?
צי וועט זי אונדז דערנעענטערן די טריט,
און וועט זי אונדז אַלץ ווײַטער, ווייטער פירן?

# אזוי געדענק איך דיך

אזוי ביסטו שוין פאַר מיין בליק געבליבן:
דיין בלייך געזיכט, מיט טרערן אָפּגענעצט.
אין דיינע אויגן — שרעק און טיפער אומעט.
די ליפּן צוגעדריקט און אויסגעשטרעקט די הענט.

די שוואַרצע האָר פון פרילינג־ווינט צעפּאַלן,
א בלויע קליידל אָפן דינעם לייב,
אױף טרעפּלעך פונעם גאַניקל באַם שטיבל,
און מיט דער יונגער פרילינג־זון באַלייכט.

דאָס שטעטעלע אין וואַסערדיקע שנייען.
דער ווייסער טאָג האָט יעדן דאַך געגלעט.
פון יעדן דעכל האָט געקאַפּעט טרערן,
יעדעס שטיבל האָט מיט אונז געוויינט.

איך בין געווען די לעצטע דיך צו פאַרלאָזן.
יעדעס גליד האָט אין מיר געוויינט.
אָט שטייסטו דאָ, די קינדער — ווייסע צוויטן,
דאָס שטעטעלע, די גאַניקלעך, די זון, דער ווייכער שניי.

און לאַנגזאַם, לאַנגזאַם האָב איך זיך דערווייטערט.
ווער פון אונז האָט דאַן א טראַכט געטאָן,
אַז אָט דאָ גייען מיר אױף אייביק זיך פאַנאַנדער,
אַז אויפשטיין וועט א הענקער צווישן אונז?

דער טויט האָט אָפּגעשניטן דיך פון לעבן.
דער הענקער האָט דאָס שטעטעלע פאַרוויסט.
די קינדער פון א שטומען סוד פאַרבאָרגן,
און איך, אין ווייטן לאַנד, קוק מיט בענקעניש,

ווי איר זיינט אין בליק מיינעם געבליבן,
ווי איך ווייטער, ווייטער זיך פון אייך.
אָט שטייסטו דאָ, די קינדער — ווייסע צוויטן,
דאָס שטעטעלע, די גאַניקלעך, די זון, דער ווייכער שניי.

# א אידישע מאמע

דער טאָג גייט אָפּ מיט טויזנטער טריט.
דער וועג איז ווייט, אויפגעריסן ערד
דער הימל — בלייך־קאָלירט,
פּייכטע ערד מיט יונגן גרין.
און יעדער צווייגל, בלעטל זשומט עפּעס,
רעדט
און גלעט דערשראָקענע קינדערשע טריט,
געמאָסטענע יוגנט־טריט,
אומרואיקע פרויען־טריט.
אין קלאנג מיט זיי
גייט, גייט די אלטע אידישע מאמע
פון סאָוועטן־לאנד,
פון עלטער איינגעבויגט.
איר קאָפּ — א צייטיק עפּל אף א צווייג —
שאָקלט זיך אין שטומען וויי.

צו אירע אָרעמס צוגעדריקט טעכטער צווויי —
איר האָב־און־גוטס, איר פרייד און שיין.
און הינטער זיי
ברענט די שטאָט,
פארוויסט די היים,
מאָרד און גרויל.
זי זעט א פרידלעכע באפעלקערונג
זיך צאפּלענדיק אין בלוט.
דאָס האָט דער אָפּפאל פון דער וועלט,
דער נאצי־„העלד",
באפאלן צו פארלעשן אָט די רויטע זון.
זי הערט דאָס רעווען פון די באָמבעס אין דער לופט,
א מורא'דיקן קראך פון אויפגעריסן ערד,
געשריי, געוויין.
זי גייט
דורך רוים און צייט,
אייביק.
איבער ימ'ען לויפט זי פון דעם שקלאפן־יאָך —
מצרים.
און ווידער אלס א שקלאף באזיגט
פון רוימערס שווערד.

פון אייגן לאנד פארטריבן
איבער גאָרער וועלט,
מיט קינד און קייט,
היימלאָז און פארומערט . . .

בא פרעמדע טירן קלאפט זי אָן נאָך הילף,
בעט און וויינט:
גרויסער גאָט, דערבארים זיך!
און דער צאָרן פון די קרייץ־וויסטן
ברעכט אויס.
שטיינער, קעלערס און גאסן
ווערן רויט, רויט פון אייגן בלוט.

און ווידער וואנדערן דורך לענדער, שטעט,
געהאסט,
פארפאָלגט.
אָ, גאָט!

אין גערמאניע, הינטער געטאָ־ווענט,
דאָס מאָרדן און פארברענען לעבעדיקערהייט
די טויזנטער פון אונזער פאָלק.
צאַרן־לאנד, אף אייביק ביסטו אָפּגעמעקט
פון אונזער ערד
פון אונזער פרייער ערד.
פארברידערט אלע פעלקער.
אויסגעגלייכט.

און ווידער יאָגן זיי, די ברוינע שלענג.
דאָס ליכט פארטונקלען זיי
און מיט א מורא'דיק געברום,
מיט פייער רייסן שטיקער ערד,
מיט פייער שניידן זיך אריין אין קעפ,
אין לייב, אין הארץ.

„מאמע", גיט עס לעבן איר א קוויטש,
און די האנט וואָס האלט זי צו
גיט א ריס,
א פאל.

זי פאלט מיט איר.
„טאָכטערל!", שרייט זי אויס.

„טאַכטערל!"
נאָר לעבן איר ליגט א בלוטיק קאָפּ,
די אויגן אויסגעגלאָצט.

די צווייטע הויבט זיך אויף.
און ווײ־געשרײ,
און לוזשעס בלוט,
און קינדערלעך פארגליווערט אינעם שרעק.
א פעלד פארזייט מיט טויט.
און אויבן ווערט דער הימל טונקל־בלוי.
רויטע פאסן ציען זיך —
ריזיק־גרויסע הענט,
וואָס טראָגן זיך צום שונא
אים אָפּווישן פון דער ערד.
שלעפּט מען זיך אין שטומען צער
דורך וואלד, דורך פעלד.
די לופט ווערט קיל.
די רויטע הויך מיט וואָלקנדלעך פארדעקט.
יעדעס בלעטל, גרעזעלע
טרייסט, בעט:
„מוטערל, ס'וועט זיין פאר אלץ באצאָלט."

אויף איין זייט צוגעדריקט אין שטומען צער
איר צווייטעס קינד.
און איין האנט וואקלט זיך —
א לויזער צווייג אין שטורעם־ווינט.

און ווידער יאָגן זיי, די ברוינע הינט,
און לאָזן נעענטער, נעענטער זיך אראָפּ —
מען זוכט די הילפלאָזע
וואָס וואנדערן דורך נאכט,
וואָס ליגן איבער וועגן און שטעגן
אויף דער ערד צעשפּרייט.

פארלאָרן שטייט זי איצט אין דעם ווילדן קראך.
ארום איר — א נייע בילד,
דאָס גרויזאמסטע —
הענט און פיס, צעהאקטע קעפּ,

און אויפגעריסן ברוסט,
א דורכגעשניטן בויך.
איר צווייטע טאָכטער מיטן פּנים צו דער ערד —
רירט זיך ניט.

זי בויגט זיך איין, גלעט איר קאָפּ:
„טאָכטערל, הויב זיך אויף" —
וויינט איר קול.
„די ברוינע הענקער פליען אָפּ פון דאָ"
נאָר עס ליגט איר טאָכטער שטום.
עס הויבט די אלטע מאמע אויף איר יונגער טאָכטער'ס קאָפּ.
א מויל מיט בלוט, די אויגן צוגעמאכט,
בלייך, טויט . . .
אף איר געשריי
ענטפערט אָפּ א הונדערט־פאכיקער געוויין.
„הויבט זיך אויף!
אלע טויטע, הויבט זיך אויף!" —
שרייט איר קול.
„מוטערס,
וואָס דריקן איצט די וויינענדיקע קינדערלעך
צו דער ברוסט,
קינדערלעך,
וואָס פרעגן וויינענדיק:
— פארוואָס?
הויבט זיך אויף
און שטעלט זיך מיטן פּנים צו דער וועלט,
צוזאמען מיט די אויסגעברענטע שטעט.
מיר ליידן פאר א פרעמדער זינד!
אונזער לאנד, אונזער אויסגעלייזטע —
אידיש פּיין . .
זיי פארשאָלטן, הענקער פון דער וועלט,
אף דורות לאנג,
ביז דער לעצטער מיט דיין מערדער־בלוט
וועט ווערן אָפּגעווישט."

איר הערט די ציטערדיקע טריט?
זי גייט, גייט,
דער קאָפּ אראָפּגעבויגט,
די הענט אירע, די ליידיקע,

יאָגן זיך ארום,
איינע אהין, די צווייטע אהער.
וואָס דאַרף זי זיי, די הענט די ליידיקע?
צו אויפראַמען איר ליכטיק היים?
צוגרייטן די קינדער צו א פּאַראַד?
פּאַטשן מיט די הענט בא א פריילעך טאַנץ?
„מוטערל", בעט עמעצער צו איר,
דו פּאַלסט דאָך פון די פיס;
דערלויב מיר נעמען דיך באַם האַנט."

אידישע מאַמעס, פון אמעריקע, קאַנאַדע
און פון ענגלאַנד:
זי גייט דעם טרויעריקן גאַנג פאַר אייך!
אירע קינדער אויסגעמאָרדעט
צו זיכער מאַכן אייער פרייד.
האָט איר אייער אייגן לאַנד באַוואַכט
בא שיפן, בא געווער און בא די עראָפּלאַנען?
פאַר יעדן אָרט, וואו ס'ווערמט דורך דער פיינט —
פילט איר אייער פליכט
פאַר אָט דעם אומשולדיקן בלוט?
בליקט אויף און הערט:
זי גייט, גייט —
א שפּאַנישע, כינעזישע, טשעכאָסלאָוואַקישע,
א פּוילישע, נאָרוועגישע, א בעלגישע, ליטווינישע,
און מער, און מער.
זי גייט,
די מאַמע פון דעם גרויסן אידיש פאָלק.
איין גאַנג, איין פּיין, איין אויסגעשריי.

הערט איר זי?
אירע טריט פאַרשוואַכט,
מען טראָגט זי אף די הענט.
„מוטערל, ס'וועט זיין פאַר אלץ באַצאָלט" —
רעדט עמעצער צו איר מיט א ווייכן קול.
א ליכטיק שמייכל אף א יונגן פּנים.
„מוטערל, זאָרג זיך ניט.
קוק אונז אָן.
מיר זיינען אלע דיינע קינדער,
מיר גייען אף טויט און לעבן פאַרן פאָטערלאַנד.

עס וועט דער שונא, ווי דאָס מיסט, זיין אָפּגעראַמט,
אַף אייביק אָפּגעראַמט פון אונזער ערד."

אויך די אַלטע אידישע מאַמע הערט, הערט,
הערט דאָס זינגען פון דעם רויט־אַרמייערס גאַנג,
הערט די ריטמעדיקע טריט.
„זיי געזונט, מוטערל! מיר גייען זיך צערעכענען
פאַר דיר,
פאַר אַלע ליידנדע אונטער שונא'ס בייטש,
פאַר אַלע קינדערלעך,
שוועסטער, ברידער,
מאַמעס,
וועמענס לעבן איז באַרויבט.
זיי געזונט!"

און לאַנגזאַם גלייכט זיך אויס
די אידישע מאַמע פון סאָוועטן־לאַנד.
איר פּנים שטרענג,
די אויגן לייכטן.
אַ שטילע קוקט זי איצטער
אַף די אַלטע הענט.
די פויסטן קראַמפּט זי איין.
„איך גיי מיט אייך!" —
זאָגט זי הויך.
„איך קאָן ניט גיין אין שלאַכט,
אָבער העלפן וועל איך די פּאַרטיזאַנער
אין זייער קאַמף.
גראַנאַטן וועל איך וואַרפן וואו מען דאַרף.
נקמה נעמען פאַר דאָס אומשולדיק
פאַרגאָסן בלוט.
איך גיי!"

מאַמעס פון אַמעריקע, קאַנאַדע
און ענגלאַנד!
הערט איר אירע שטילע טריט?
ווי זי שלייכט, אין טיכער איינגעהילט,
גראַנאַטן אין די הענט?
הערט איר אויפרייסן און קראַכן
וואו דער שונא וואַכט?

הונדערטער און טויזנטער
פאַלן שונאים פון איר האַנט.
און איר פּנים שטרענג
און די אויגן לייכטן.
הערט איר זי?
שטייט אויף און בויגט די קעפּ!

# דו האָסט די פינצטערניש צעריסן

לאַנד, וואָס דו האָסט דער געפּלאָגטער וועלט
אַן אינהאַלט געגעבן,
און אַף אַלע שלאַכטפעלדער פאַר אונז
געקעמפט און געזיגט;
דו, וואָס האָסט די פינצטערניש
פון יאָרטויזנט צעריסן
און איבערגעשאַפט זיך אַליין אין אַ נייעם ליכט —
דעם האַר און דעם שקלאַף פאַרברידערט דורך אַרבעט,
אין שונאים די מענטשלעכע ליבע פאַרזייט;
די אוצרות פון דר'ערד פאַרטיילט אין גלייכע חלקים,
היימלאָזע פעלקער אַ היימלאַנד געגעבן,
און אַלע מיט ליבשאַפט דאָס היימלאַנד געבויט,
געוויזן דער וועלט די וואונדער פון אַרבעטער מאַסן
און געפלאָכטן פון פעלקער די גאָלדענע קייט — די אַרמיי.

לאַנד, ווער נאָך ווי דו האָט פאַרגאָסן פאַר פרייהייט זיין בלוט!
און ווער נאָך ווי דו זיך געשטעלט קעגן דער רשעות פון וועלט,
און ווער נאָך ווי דו האָט דעם אַרבעטער, פויער דערהויבן
צו ליכטיקע הויכן, אַ פאַקל אַריבער דער ערד!
וואָס זיינען רייד פון פאַרלוימדער און שונאים —
צעפּרעסענע בלעטער אַף האַרבסטיקן ים!
דיין ליכט האָט אין וועלט דורך אייזערנע ריגלען געדרונגען,
דיין ליכט האָט די פינצטערע שאָטנס געקלאָרט!

מיט דיר האָט די וועלט, געפּלאָגטע,
אַ צוקונפט געפונען;
אָן דיר וואָלט די וועלט פאַרגליווערט אין פינצטער צוריק!

עס האָט דיינע טויערן רויטע פאַרפלייצט
מיט דעם שוואַרצן פאַשיזם;
פייער און טויט אַף די וואונדער־שטעט דיינע פאַרשפּרייט,
אַ שוואַרצע מגפה, וואָס שאַמט אָפּ דעם גאַנג פון דער וועלט.
אַ שוואַרצע מגפה, וואָס טרינקט אָן מיט בלוט איצט די ערד.
עס טוט אַזוי וויי, און דער דראַנג איז — צו קומען דיר העלפן,
מיט ביקס אַף די פּלייצעס, און קעמפן פאַר פרייהייט ווי דו.
אַ וועלט שטייט געגרייט, אַ וועלט מיט אַרבעטער מאַסן —
צו נעמען נקמה פאַר יעדן געפאַלענעם העלד.

לאַנד, אונזער גלויבן אין דיר איז א שטאַרקער
און קיינמאָל קאָן לאַנג ניט פאַרבלייבן א נאַכט —
ווען עס טאָגט!
ס'וועט אויפגיין די זון, צום נייעם געבאָרענעם לעבן,
און בינדן מיט רויט איבער גרויסער באַפרייטער וועלט.

# רויטע זײלן

## אין הײליקן אָנדענק פון
## דר. חיים זשיטלאָווסקי

רויטע זײלן איבער גרויס פון דער ערד,
רויטע זײלן, שײנענדיקע ליכט,
אין אײער גײסט פאַרײניקט זיך די וועלט—
גאָלד, וואָס ווערט פון זון צענויפגעשמעלצט.

רויטע זײלן, דער קיום פון דער וועלט;
לערער, פון א מענטשלעך אָנהויב
ביז דאָס העכסטע ליכט פון גײסט;
קעמפער פאר גערעכטיקײט,
באפרײער פון דעם שקלאַפן־יאָך און נויט,
פאַקל־טרעגער דורך דער פינצטערניש
צו די טויערן פון וויסנשאפט און פרייד.

דער אָטעם פון דער צײט איז פלאַם, סם און טויט,
און ווארפט זיך ווי די אוראלט—דער אָראנג־אוטאנג
אף בלינדע יאָרהונדערטער ארויף,
צעטרעטנדיק דעם פּנים פון דער וועלט,
די קומענדיקע דורות ראָט זי אויס,
די מוטערלייב ווערט אָפּגעסמ׳ט—
צו די רויטע זײלן רײסט זי זיך פארניכטן זײער גלאַנץ.

און די וואָס זײנען געקומען מיט פײער און שווערד,
און די וואָס זײנען געקומען מיט מעסער און שטריק,
און די וואָס האָבן, ווי שפּינען אמאָל,
דעם פײער צום בית־המקדש געטראָטן,
אין חורבות און אויך די הײליקע שײנקײט באגראָבן—
די אַלע וואָס האָבן פארמאָסטן זיך קעגן די ליכטיקע זײלן
האָבן מיט אײגענע הענט אף אײביק אין חושך פארשריבן.

די קללה פון דער וועלט איז וואך:
דער ריכטער האָט פאר׳משפּט דעם אָראנג־אוטאַנג
צום טויט און פארגעסנהײט—
דער ריכטער פון דער גרויסער ערד, דער ארבעטער קלאַס.
טראָגט ער זיך פון אַלע טײלן וועלט, פארײניקט אין זײן קאמף,

און מיט אים שיינען נעמען טויזנטער ארויס—
העלדן פון דעם גרויסן אידישן פאָלק.

צי וועט מען פארגעסן מאיר לעווינ׳ס נאָמען?
בלעקי, דזשעקס, די זינגענדיקע יוגנט פון קאנאדער ערד,
דעם וואונדערלעכן אינגל הערי קאמינסקי,
מיט זיינע שמייכלענדיקע 16 יאָר—
דעם שונא׳ס האנט, וואָס האָט זיין שיף צעריסן,
האָט זיין לעבן מיט דער שיף צעשטערט—
וויגט אים אום דאָס וואסער אין זיינע טיפן,
א קינד, וואָס האָט נאָר־וואָס די שול פארלאָזט.

אין קאמף פאר פרייהייט לייכטן זיי, די נעמען
פון אונזער גרויס לײדנדיק פאָלק—
פון מצרים ביז דעם קאמף דעם לעצטן,
וואו און ווען א פאָלק האָט אויפגעברויזט.
ווער וועט ווען פארגעסן אָט די נעמען,
אין קאמף פאר פרייהייט, אף סאָוועטישער ערד?
איניינעם מיט די קעמפנדיקע פעלקער
איז דורכגעווייקט מיט זייער בלוט די ערד.

רויטע זיילן, פאקלען פון דער נאכט,
באלייכטן איבער חורבות, פינצטערניש, דעם וועג.
ווי אמאָל, ווי משה די אידן פון מצרים,
פירן זיי די מענטשהייט פון שקלאפן צו באפרייאונג.

## טיפ-טאָפ טיילאָרס

קענט איר דאָס הויז?
אַף פּליט סטריט שטייט זי רואיק,
פון גלאָז געבויט, אין גרוי צעמענט געראַמט;
אַף זיידן גראָז, באַקראַנצט מיט רויטע בלומען,
מיט קוסטעלעך, מיט ספּרינג־ברונען,
מיט זיילן אַפן וועג;
די פליגל־טירן מיט גאָלדן מעש באַשלאָגן,
און איבער זיי א גרויסער רויטער „ווי״.
אַף אַלצדינג בלייבן גאָלדענע פרימאָרגנס
פון הונדערטער פון ארבעטער, וואָס שטראָמען־צו צו איר.

און הינטער איר — א סודות׳פולע ווייטקייט;
דער אויסגערונדטער פּאַלאַץ
פון עקסיבישאָן.
ביידע זיינען זיי דורך זון־פעדים פאַרבונדן,
ביידע זיינען מיט דער גרויסער וועלט געקניפּט:
הײַנט אַן ארבעטער, בא אייזנס, צי מאַשינען —
מאָרגן א סאָלדאַט אין עקסיבישאָן־לאַגער.
ביידע חלום׳ען די אייגענע חלומות,
יעדער זעט דעם גרויל פון אונזער וועלט
פאַר זיך.

קענט איר זי, די וואונדערלעכע געביידע?
אין אירע ווענט לעבט א וועלט פאַר זיך:
שפּילט אין איר אַן ארבעטער־אָרקעסטער
סיי אין הארבסטיק־גרוי, סיי אין זונען־ליכט,
סיי ווען נעפּלען רינגלען זי ארום
און ס׳דאַכט זיך — אַף א גרויסער שיף אין ים,
עס זינגט, און קרעכצן הונדערטער מאַשינען,
מיט אייזן־בריאזג, מיט טריט און טריט און טריט.

קענט איר זי? באַנאַכט, ווען אַלץ פאַרלאָזט זי
און זי בלייבט מיט שטילער טונקלקייט באַדעקט,
פּליסטערט איר א מעשה לעיק אָנטעריאָ
פון ווייטקייטן, וואו ס׳בלוטיקט איצט די ערד,
פון וואונדער־שטעט, וואָס בלייבן שווארצע חורבות,
און וויינען, וויינען צו דער ווייטער וועלט;

פון לעבנס טויזנטער, וואָס ווערן אויסגעשלאַכטעט,
וואָס האָבן פריילעכע אַף פרייער ערד געבליט,
פון שטילן דאָן, פארבלוטיקט און געשענדעט,
פון דניעפּער, דניעסטער, פאר׳סמ׳ט פון שונא׳ס שווערד,
פון וואסערן איבער גרויסע ערד־טיילן —
און וואָרנט איצט דאָס אייגן רואיק ערד.

קענט איר דאָס הויז? אַף פּליט סטריט שטייט זי רואיק,
פון גלאָז געבויט, אין גרוי צעמענט געראַמט,
אַף זיידן גראָז, באַקראַנצט מיט רויטע בלומען,
מיט קוסטעלעך און ספּרינג־ברונען,
מיט זיילן אַפן שטעג;
די פליגל־טירן מיט גאָלדן מעש באַשלאָגן,
און איבער זיי א גרויסער רויטער „ווי״.
אַף אַלצדינג בלייבן גאָלדענע פרימאָרגנס
פון הונדערטער פון ארבעטער, וואָס שטראָמען־צו צו איר.

## ספּעדיינע

ציטערדיק־דין איז די לופט פון פרימאָרגן.
ספּעדיינע, די גאַס פון סטאָרס און פאַבריקן,
ליגט אין אַ גרויען שפּינוועבס פאַרצויגן
און חלומ'ט דעם חלום פון אַרבעטער־גליקן.

איינצעלנע טריט, וואָס הילכן אויף ברוקן,
מישן מיט הונדערטער טריט זיך צוזאַמען,
אַן אָפּקלאַנג, וואָס קומט פון געסלעך און גאַסן,
אַן אָפּקלאַנג פון שעפּער, פון הענט האַרעפּאַשנע.

ספּעדיינע, די גאַס פונעם לייבאָר לייסעאום,
מיט טרעפּ און מיט קאַמערס פאַר מענטשן פון אַרבעט,
מיט אייגענע ריכטער, מיט גלייכע געזעצן —
נאָר אייניקייט פעלט בא די אַרבעטער מאַסן.

וויפיל חלומות עס ליגן באַגראָבן אין ווענט
פון די גרויסע געמויערטע שעפּער —
פון יונגע, וואָס האָבן די שולן פאַרלאָזן,
דעם מזל און צוקונפט געזוכט בא דער אַרבעט?

ספּעדיינע, די גאַס פון אַרבעטער קאַמפּן —
איך גיב דיר צושטייער מיין אייגענעם גורל:
מיין קינד, וואָס איך לאָז אין די גרויע באַגינענס,
הונגעריק, הפקר, אין קאַמערס בא פרעמדע.

מיין צער, וואָס בלאָנקעט דורך חרוב'ע וועלטן,
דורך גרויזאַמע ליידן פון פעלקער, וואָס בלוטן;
באַם קלאַפּן פון רעדער, מאַשינען און אייזנס
זאַפּסט אין זיך איין מיינע טרערן און יוגנט.

ספּעדיינע, די גאַס פון סטאָרס און פאַבריקן,
פון מענטשן, וואָס וואַרטן דאָרט, בענקען נאָך אַרבעט —
דער טאָג, וואָס וועט אונז פאַרייניקן אַלע,
וועט זיין אָט דער גאָלדענער שליסל צו פרייהייט!

# אין פעלד

שטיי איך דאָ אין ווייטן פעלד,
וואו ס׳קריכן טעג און קריכן נעכט —
ווייסע וועלף, גרינע פרעש,
איבער ערד, איבער צייט —
צו אייניקייט . . .

ליכט איז נאָר מיין ליב פארהילט.
איך קוק אַף דיר, דו גרויסע פעלד —
אַף בלומען פארביקע, אַף אָפגייענדיגער זון.
דו זעסט איצט אויס — א פויגל,
מיט די פליגלען אויסגעשפּרייט.

אין מיטן שניידט זיך דורך א געלע שטעג —
א נאקעט מענטש, וואָס קושט זיך מיט דער ערד.
ווייך, ווי זיידן טול, איז דיין לופט,
פייכט, ווי אויגן־גלאנץ, דער זילבער־טוי.

איך זוך א שטילן ווינקל בא דיין ברייטער גרינער ברוסט.
שפּאר זיך אָן,
דריי ארום דעם נאקן מיט די הענט
און בענק . . . בענק . . .

מינוטן לייגן זיך — גאָלדענע שלענגעלעך אויף דער ערד,
וויקלען אום מיין ליב.
טוט א ווינטעלע א וויי, ווארפט זיי אָפּ.
זיי ראנגלען אום זיך אין א קרייז
און גייען לאנגזאם אוים.

עס שוועבט א בלאסער פארנאכט אָן,
זשומט א וויג־ליד צו דער גרויסער ערד,
דעקט צו מיט זיין גרוי געוואנט יעדן גראָז און בלום —
און דער אָטעם פון דער וועלט קושט, גלעט . . .

# די לייסוועס אלייע

## (לידער פון קאָוונע)

זילבערנע שלאַנגען צעלייגט אַף די וועגן,
רוען די רעלסן זיך אָפּ פון דעם טאָג —
פארדרייט ליגט די איינע אין צווייטן פארביסן
און ציען אזוי זיך, גאס־איין און גאס־אויס.

שטיינדעדלעך שלאָפן איינס לעבן צווייטן —
גרויאיקע קעצלעך, די פיס אונטער זיך.
עס ליגט די אלייע אן איינזאמע, בלייכע,
איר זאמדיקע ערד איז אין שאָטנס פארוועבט.

די פענצטער פון הייזער, באשיינט מיט לבנה,
קוקן פארטראכט צו דער ווייטקייט אוועק
און הערן דעם מורמל פון ניעמאן, ווילִיע,
א מעשה'לע שטילע פון גאָלדענעם לאנד.

אַף שטילקייט פארבונדן, שטראלן און שאָטנס,
רוט זיך די שטאָט פון איר טאָגיקן רויש —
נאָר איין איינציקער אייזאמער וואנדערער לעבט זיך
וואָס טרייבט אים די שיינקייט פון גאס צו גאס.

# אלעקסאטער בארג

עס האָט אין ניעמאן זיך דערזען א בלויער פלעק.
און שוין האָט זיך באמערקט
א בלויער מאָרגן מיט א גרויער נאכט
זייט בא זייט, שטומע קינדער צוויי,
וואָס ציען זיך אזוי פארביי.

איך האָב פארטרוימט די קורצע זומער־נאכט
אף אלעקסאטער בארג.
באם וואסער האָט געצויגען זיך
א קראָקאָדיל —
די ליכט צעוואָרפענע פון א לאנגער גאס.

און ס'האָט זיך געדאכט,
מיט שאָטנס, ווי מיט אָדערלעך, איז דורכגעוועבט
אריבער ווייט און ברייט די שטאָט;
און נאָר די לייכטנדיקע אויג
פון זייגער אף דעם ראטושע קוקט, קוקט.

אלעקסאטער בארג,
וואו העלדן פון א. מאפו'ס ווערק
שוועבן ווי די בענקענדיקע פויגלען אָן
פון וויטן ווייסן לאנד
ציט זיי צו דער מוטער־הארץ
צום געבוירן־פלאץ.

און פרייד, און לייד,
די ליבע פון זייער יוגנט־צייט,
ווערט אָפגעפרישט באם ניעמאן־טייך.
און אין דער שטילער רו
הערט זיך נאָר
א לאך, א קוש, א שטיל געוויין.

דער מאָרגן ליגט צעהעלט —
א בלויער פויגל מיט א גאָלדן בלאט אין מויל,
גייסטו אויף
און בינדסט צענויף

סלאָבאָדקע, קאָוונע, אלעקסאט —
די מוטער מיט די קינדער בא דער זייט.

איך גרים דיך, שטאָט!
איך גרים דיך, ווי א וואנדערער זיין היימיש אָרט;
דיין יעדער גרינער פלעק, וואָס זעט זיך
אף פארקן, בוימער, און די שטיינערדיקע ערד —
זיי זיינען אויך מיט מיינע טריט פארזייט.
איך האָב דיך ליב,
איך האָב דיך ליב, מיין ליטוויש היים.

# אינהאלט

